אַ פּאָר לעצטע אומבאַשטימטע לידער פון בוך ווענען
האַרציק צוגעטיילט צום אָנדענק
צו טאַטע־מאַמעס אומבאַקאַנטע מחותנים —
מיין שווער, שוויגער און שוואָגער —
חנהס עלטערן און ברודער:
אברהם־חיים, עטי, און יהושע פּעווסנער,
אויסגעגאַנגען פון הונגער און קראַנקייטן
בעת דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

**דער מחבר**

הערש לייב יונג

# דורך ליכט און פינצטערניש

ל י ד ע ר

פארלאג י.ל. פרץ ישראל

תשכ״ח — 1967

**HERSH LEIB YOUNG**

# DURCH LICHT UN FINZTERNISH

I. L. Peretz Publishing House
31, Allenby str., Tel-Aviv, Israel

**הערש לייב יונג**

*

# דורך ליכט און פינצטערניש

פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, אלנבי 31





נדפס בישראל 1967
Printed in Israel

דפוס „ארזי" בע"מ, ת"א, רח' אילת השחר 4, טל. 34294



בילד פון הערש לייב יונג
געצייכנט דורך מ. ל. האַלפּערן
אין יאָר 1931

מיינע עלטערן

וואָס האָבן אין זייער חושכדיק אָפּלעבן קיין

איין ליכטיקע שעה פון נחת־רוח און מנוחה

ניט געהאַט;

מיין פאָטער און מוטער

מאיר און באַשע פּעסיל ז״ל

צום זכרון

אַ נר־תמידדיקער נאָכשיין.

# אינהאַלט

## כ׳האָב אַריינגעפּלאָנטערט אין ליכט...

כ׳האָב אַריינגעפּלאָנטערט אין ווייטן ליכט
פון חלום־בלישטש אויסגעטראַכט,
וווּ מיין שקיעה איז איינגעגילט
אין בענקעניש פון וועלט.

ביי מיין זי־שוועל,
פאַר איר היכל־זאַל,
האָב איך זיך אָפּגעשטעלט.
זי זיצט מיטן אומעט איינגענשמהט
אין די אויגן,
צעפּיעשטשעט פאַרצויגן,
מיט אַ בליאַסק פון איר טרער
צעבלענצלט אין איר בליק צוריק
פון זון־גלי,
טרענקענדיק זיך אין פאַרנאַכט,
און אויסגעלאָשן
באַגלייט פון קלאַווישן
אַרויסגעציטערט פון עמעץ־ערגעץ אַ זעל —
האָבנדיק דעם פייער און פינצטער־שפּיל
אין זיך איינגעפלאַמט,
און מיט אַקאָרד־קלאַנגען אויסגעטרוימט.

כ׳האָב אַריינגעפּלאָנטערט אין ווייטן ליכט,
אין בלי־חלום מיין זיווג אויסגעזוכט,
אין אַ שכינה־טיול
ביי איר היכל־שוועל פון די הימל־געוועלבן,
מיט אַ בליץ־טרער אין די אויגן,

אַ טיף פֿאַרזינקעניש
אין אַ בענקעניש —
אַקעגן די ווונטש־שוואַלבן
פֿון די שווינדל־נעסטן צעפֿלויגן.

## אימפּרעסיע

מיט בין-השמשות-פאַרב,
געמישט מיט גרויל,
מאָל אַ חורבה-וואַנט —
דעם הינטערגרונט פאַררויכערט
און פאַרשחורט...

אויף צעפּאָרענער שטול
זיצט געבויגן מיט האָרב,
מיד,
אַ פאַרחושכטער ייד,
אָן ווילן, פּנים קנאָכיק איינגעפאַלן,
אָפּגעצערט.
נאָז בלאָס, ליפּן בלאָ,
אַ שלאָס אויפן מויל,
ווי איין מאָל אַ יאָר
ר׳וואָלט די קישקעס גענערט
אויף חמץ-קרישקעס פאַרדאַרט,
מיט אַ פלעדערוויש צוגעשאַרט.
און אין איבעריקער צייט
פּוסט די נויט אַרויסגעהוסט.

אין דער ראיה אַ יראה-פייערל
בויערט ווייט די מהומה-אימה.
פּיאות געדיכט, גראָ-שוואַרץ,
איינגעפלעכט אין דער באָרד,
אַ יאַרמלקע אויפן קאָפּ,
אַרויפגעשאַרט,
אַ לייבצידאַק געל, פון וואָל

מיט תכלת־פּאַסן פון מאָיל צעפּרעסן.
די פויסט, ווי מיט אַן על־חטא פאַר גאָט,
ביי דער ברוסט.

מאָל אַריין בלאָס־ווייך מיט נשמה־הויך
זיין חיות — איינגעזױקנט
דעם ציפּ פון הארץ, אין בלוט איינגעטריקנט —
אויב ס׳איז אַזאַ קאָליר פאַראַן,
ווען ניט,
פאַרכאַפּ פון זון דעם לעצטן שטראַל,
וואָס פאַלט פון איר
אויף פעלדזיקן שטיין,
געל־רויטלעך צעשיינט
אַקעגן אים ווי פאַרדאַוונט שטום —
מיט דעם ווייטיק ניט אַרויסגעוויינט.

פאַרגאַנץ דאָס בילד מיט אַ דעמער־גלאַנץ
פון געגנבעטן גאָלד, צעהימלט
איבערן פינצטער־ווערך,
אַ גלי־וואָלקנדיקער פאָרך
גלימצערדיק אַרויסגעשימלט.

## קום פינזלען

קום פינזעלדיק צעפירן
מיט שיין-קאָלירן
פון אַ רעגנבויגן
מיינע פרילינג-טעג,
שענערע, ווי די פּראָסטיק-קאַלטע,
פאַרכמאַרעטע, קלענערע,
גראָ-ווינטערדיק-פאַרפלויגן
צו אַן עבר-ברעג.

מאָל פון האַרץ-טשערב
מיט וואַרעמער פאַרב
די הויכבלענדן פון אַן אויפטאָג
מיט מאָרגן-גאָלד אַריינגעהעלט.

פאַרגעס יענע זאַווערוכע ווינטיקע,
פאַרשלאָגענע,
אָן ליכט, צעצויגענע קאָשמאַרן-נעכט
אָפּגעבונדענע פון די הוריות-שטריק
ווירבל-שטורמיקע
אַוועק.

קום מאָלן די צעצוויטערונג
פון זעל אַרויסגעבענקטע,
אַריינגעבליטע מיט פלאַם פון זון
אין ליליען-בלום,
אין לבנה-גראָז,
וויאָלעטל, הימל-גלעקל, טוליפּאַן,

**פורפור־קווייטל, תאווה־רויז —**
**געקושט פון א שימער־שרעטל.**

מאָל דעם חי־גלי
פון מיינע פרילינג־טעג,
וואָס לויפן אויף
איבערן חלום־וואלד
אין האָריזאָנטיקן ברעג
אין א מאראנציקן בילד.
מאָל דעם ווייטן אויפקום
פון פרי־פייערדיקן הימל־שוואם,
דאָס זריחה־געזאנג
דעם בלענד־בליק פון אויפשלאָג
אין א מיראזשן־טאָל
אָפּגלאנץ פאר די ראיה־שויבן —
שטראליקס אויפצוקלויבן.

מאָל פון הארץ־טשערב
מיט רויט־ווארעמער פארב
די הויכבלענדן פון אויפטאָג,
לויכטנדיק גליק.

## זעל־זעונג

אין דעמער־וועלט איז
אַריינגעפלאָכטן דער זיו־אלוהי —
אַ שכינה־פאַרבליסקעניש
איבער די אור־הרים,
זון־וואָלקנס אין פאַרמערבטן דרום,
וואָס זיך זאַמלען אין די בין־השמשות־הימלען.

צעדאַוונט אין פאַר־אָוונט
כ׳האָב אַריינגעבענקט אין פאַרגאַנג
פון נהרה די נשמה־יתרה,
וואָס פאַרצאַנקט אין אומענדלעכקייט.
די שטראַל־מאָס פון די הויכן
קען אָנהויב און סוף ניט דערגרייכן,
ווו עאָן־נעכטענס ליגן געאייביקט, איינגעשטויביקט,
איבער דער בלאָעקייט איינגעוויייעט,
פון טויזנט טויטענישן ניט פאַרדייעט.

פלאַטער־אויף, באַגערטע זעגזוכט,
ווי אַ צעטאָפּעט ליכט מיטן זאַפט צעטריפט,
וואָס פאַרפלעמלט אָן שפּור, סומנע־צער.
זיי, ווי דער אויפשווינדל פון אַ טועה־בלענדל,
אַ וואַנדלדיקס אין פינצטער־תהום אַרום.

וויפל וועלטן האָב איך אויסגעטראַכט,
צענישט געמאַכט —
מדבר־קאַנטן,
ווו ווינטן וואָיען,
שטורעם זייען?

ס׳גלוסט צו די שטערן
אויף צוריקוועגס זיך ניט אומצוקערן,
פאַרנעפּלט מיט אומזעעכץ
באַוואַקסן מיט ווילד־בליעכץ,
ווי אײַנגעשימלטע עולם־יאָרן הוירן.

קום אויף זעונג
פון די זין־טיפן אָרוים
מיט אַ פאַרבלענדיקטן עקסטאַז.
דאַוון זיך אַריין פאַר נאַכט
אין צעשפּרענקלטן ליכט
פון דער אומהיימלעכער ווייטעניש
אײַנגעגליט
מיט אַן אַסטראַלישן גלעט
איבער דער נשמה־אימה —
אומרו
אין אײַנגעטונקלטער שעה.

## דער גרויער אַסטראַל־זעער

מושטאַפאַ, דער גרויער אַסטראַל־זעער,
פון שימראַבאַט, קוקט און טראַכט:
דער ווייטסטער שטערן,
וואָס ר'האָט מיטן טעלעסקאָפּ
אין די הימל־וויסטאַס אויסגעזוכט,
ווינקט אַראָפּ
אויסבליסקענדיק זיך אַ שטעג:
אַ מאָל זינקען וועט
אַ פאַרלאָשענער, אויסגעשיינט
אין אייביקן אָן־עק,
אַ שטיק זשאַווערוואַרג,
אַ מדבר־באַרג,
אין עולם־ועד פאַרשטיינט.

פאַר וואָס פליגלט ער אין טרוים
אַ געהויבענער אין דער הויך
מיט אַ נייגיר איינגעבוירן:
וואָס פון די אַסטראַלן וועט ווערן
אין ביליאָנען יאָרן אַרום?

וואָס טראָגט אים אַוועק
אַ מחשבה צו פאָרשן
די מידות, סודות
און פלאַקער פון די שטערן?

ווען מידקייט באַפאַלט
זיין צעדמיונטן מוח
און פון שווינדלדיקער שרעק

ר׳טאַפּט דערשעפּט
אַרום זיך די ערד —
דערהערט ער פּלוצעם,
ווי פון שלאָף אויפגעכאַפּט,
פּולווערדיק צעשריגן,
אַ פייער־קללה פון אַ ראַקעטן־לופע,
אויסגעשפּיגן,
מיט אַ רויך־פלוך,
אַ דונער־קנאַל,
וואָס צעציטערט אים גופא, פאַרשווענט די כוחות.

פאַלט דער שפּאַקטיף פון די וואַרפנדיקע הענט,
און ער זעט אַ בלענד־אויפשיין,
אַ שווּיפּטש־געוויין,
וואָס ווען ער טרעפט, ווערט טויטלעך באַשטראָפט.
ניט ווייט ווערן שטעט צעשטערט
און אַרום אים שפּעטן קריכערס
אַרוּים פון דר׳ערד.

## ערב אויף־און־אונטערגאַנג

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

ווי דער טרובאַדור,
צעוואַכט בעת אויפשיין פון ליכט
קאַיאָר —
פיל איך, דורך סטרונע־ציטרונגען אַרויסצוכרענגען
אַ זעל־טריליקן אַרויסשאַל —
שאַקונדראַ.

כ׳האָב האָלט דיין לאַנד
בלישטשיק אַ צעבליטע
ווו נאָכצוטונקלען דעם בוים,
בלעטער־צווייט,
שוועמל־בלום
און יחיד־טריט,
האָט שאָטן ניט קיין שליטה;
ווו דער אביון ווערט דערהייכט,
זיין געמיט צעלייכט,
יעדעס שטיינדל אין זיין האַנט
איז אַ בליסקענדיקער בריליאַנט
אויס די טייכן
מיט אַסטראַל־האָגלען,
פון צעשמאָלצענע אַקווא־שפּיגלען —
שאַקונדראַ.

כ׳וואָלט וועלן:
ס׳זאָל מיך טאָן אַ טראָג
אַ ווינט אין דיין לאַנד,

ווי ס׳אויפבליצלט דער טאָג,
שטראַלן צו קלויבן אין אַ קאָרב;
ווי פויגל־פעדער איז מיט גלימצער־פאַרב
געמאָלן;
מיט גאָלד — דער וואַלד באַגליצט,
און זאַנג־זערנעס
זענען מיט טוי־שפּריצלעך
ליכט־אָפּשנויצלעך
צעבליצט.
אַ קינד־טרערל
איז ווי אַ פּערל צעלאָכטן,
און דעם בעטלער טוט אויסדאַכטן,
אַז ער רענדלט צוריק צאַרט־וואָרט
פֿאַר דער נדבה אויסגעשווינדלט.

מיך ציט, מיט צעגליטן בלוט
און צעגלימצערטן אויג,
אַריבער דעם שאַריעקן אויסבויג,
צו דיין לאַנד, מיט אַ בלום אין האַנט
פֿאַר דיין פענצטער־שויב,
אַ זון־צעגלאַנצטע,
שטיין און זען, ווי רייך מיט־כּישוף־שטויב
די אוצרות שיינען אַרויס
פון דיין הויז
און זיין בערייט אין יענער זייט שטוב
וואַרטן ביז פאַר נאַכט
ביי דעם מערב־פירהאַנג־אויפהויב,
ווען ס׳וועט אַריינבלענצלען דאָס שקיעה־ליכט

דיך אַרויסמאַניען אַריבער דער שוועל,
ווי וועסט שטיל, שטום
גרייכן נאָך דער בלום,
און מיין בליק אויסווייכן —
ניט צו דערזען אין יצר־בלענד
אַרויספינקלען
אַ געגאַרט־בענקענדיקע זינד —
שאַקונדראַ.

ווי דער טרובאַדור,
צעוואַכט
ביים אויפשטיין פון לבנה־ליכט —
פיל איך דורך לירע
סטרונע־ציטרונגען אַרויסצוזינגען
זמירה
אַ זעל־טריליקן אַרויסשאַל.
מיינע באַגערן,
שאַקונדראַ,
ווערן פון מיר בישן,
ווי פאַלשע שטערן,
אויסגעלאָשן.

## שקיעה

אויף דער שוועל פון דעמערנדיקן פאַרנאַכט
האָט די זון פאַרן אָפּשטאַרב
געטאָן זיך אַ צעשפּיל
מיט איר שקיעה-פאַרב
און געשטאַלטלעך אַרויסגעבראַכט
אַן אויסגעוואַלקנטן זיידע
מיט אַ חלף--בליץ
איבער אַ קינד אויף דער עקידה,
אַ כּפּרה פאַר דער זינד
צו עבודה-זרה ;
אַ גראָ-אַלטער כמאַרע-געץ
ביי די פּורפּור-ראַנדן
מולכדיק אָנגעצונדן.

אוים אַ הויפן ברענענדיקן שניי
אין ווייט-ווייטן ימה ביי די אָפּשלום-טויערן,
פורעמט זיך אשהדיק אַ מאַמע מיט אַן עופל
אויף די הענט צעשיינט,
אַן אָפּבילד
— פון גואל ערשט געבוירן
(צו דער אָנטונקלעניש אין דער וועלט),
— וואָס האָט נאָך די לונגלעך ניט אויסגעוויינט.

איבער דער ראיה מיט דער האַנט,
פאַרבלענדט פון בין-השמשות-פייערן
אין אַ טיפער בענקעניש איינגעוויגט,
כ׳שטיי
אין מערב פאַרקוקט

אויפֿן משיח,
איידער ער לעשט זיך,
און ס׳צעפּינקלען זיך די שטערן
אין בלאָעניש איינגעשווינדלט —
איידער די לבֿנה וואַנדלט
פֿון גראָע שלייערן
אַרויס, אויף,
און לאָזט זיך פֿאַרפֿירן,
אַרומלויפֿנדיק אין שלאָף,
צו ווינקלען ווו ס׳הויערט
נאַכטלעכע שרעק
און ס׳וועבט די סוטה
וויקלשנורן,
פּענטע-שטריק,
פֿון דער אימה, וואָס דרינגט אין נשמה,
און האַרץ פּילט
אַ צאַפּל אין בלוט איינגעקילט,
אין מאַרך פֿאַרצוואָגט איז מרה-שחורה איינגעבליקט,
אַ נעפּל אין די געדאַנקען איינגעזונקען
מיט אַ גרייז-גראָער וויסטנדיקער מורא
טיף, טיף אַריינגעפּלעקט.

## פאַנטאַזיע־שפּיל

אויף דמיון־סטעזשקעס מיט מײַלן־שפּאַן
לאָמיר בלאָנדזשען צום געוועז
ציִען צום אָוונטרויט אין די הויכן,
ווו פאַרלוירן זענען די אָפּגאַנג־טעג.

פאַר אונדזערע טריט אין צוריקצוג
וועלן אַמאָר־שרעטלעך שפּרייטן
רויזן־בלימלעך מיט פאַרפיום,
אויפגעשפּראָצט אין די שקיעה־בייטן.

טויבן צוויי, איינגעפליגלט
אין אַ צויבער־טרוים,
וועלן מיר ביידע, אוממידע זוכן
אין פאַרשיין־פאַרנאַכט
די שאָטן־בליטן
ביים דיסטאַנץ־ענד פורפור־ראַנד.

סוד־פאַרשלייערטע כלה־מויד,
לויט דעם שכל — אין יענער זייט
פון פאַרביקן האָריזאָנט,
וועט מען העצקען קעגן אונדז
דעם מצווה־טאַנץ,
מיט מעטעאָריטן־ליכט.

אפשר אויף אַ זשעט,
צי אין אַ מיסל־שד,
אויף הינטערווילעכץ־וועג
מירן אַריבער דעם ברעג

ווּ מ׳קען נאָך געפינען
אונדזערע אדום-בליטשקע-פעדעם
אין ווייטן אָפּגאַנג איינגעשפּינען.

וואָס זאָל מען טאָן,
אַז דאָרט ווּ ס׳פאַרגייט די זון,
און ווייטער אַ ביסל,
איז פייערדיק פאַרגילדט
מיט אַ צאַנקען-שימער
דער בענק-שליסל
צו די איינדעמערנדיקע אוצרות פון דער וועלט?

ווּ ציִען געליבטע
זעלן-פאַרקנופּטע
צעפליגלט און פאַרציטערט —
אַחוץ דאָרטן אַהין,
אַקעגן שיין פאַר די אויגן אָפּגעשפּיגלט?

אין די זוים-ווייטן באַטרעטן
לאָמיר די וואָלקן-טיכער, גלימער-טעפּיכער,
ווּ ס׳זענען שמות, השגחה-כוחות
אין הימלען איינגעטיפּטע
מיט בריליאַנט-בלעניץ אויסגעהעפטע,
פאַרהאָנגען מיט אַ פּרוכת
און אונטער איר בסוד-סודות פאַרשלאָסן
ווערט דער גלימצער פון נשמות אויסגעלאָשן.

איבער הענגל־גבולן:
פון בליק פֿאַרהוילן,
הענגט פֿאַר דער גאולה
אויף אַ גאָר־נישט־האָר
די סטרונע־כלי, דער בויגן אָנגעצויגן —
צו נעמען בלינד אין האַנט און דערפֿילן
אַ וואָס ס'דרימלט אין זיך אויסצושפּילן.

ווי שאָטנס שווייגן
איז דער נאָגל פֿון נשמה־העמערל אַרייַנגעשלאָגן.
באַמבלט זיך פֿון ווינט דער אינסטרומענט,
מאָנט אַ זמר אַרויסצוגילגולן.

לאָמיר וואָגלען בײדע באַנאַנד
אַריבערן הימל־פּראַכט ביים אָפּגעשנויצטן שטערן־ליכט
דערזען פֿאַרבלאָנדזשעטע אין די נעץ־געוועבן,
און אַ ביסל ווייטער — דעם חלום־פּלאָטער
פֿון פֿאַרן־אָוונט רויטן
די שפּינוועב־צויטן פֿון אָפּגענוצטן לעבן...
הערן אַרום זיך סטרונע־ציטער,
וואָס אין שלומער־מורמל
זשומעט זיך אוים אין אַ ניגון,
אין אַ דרימל אייַנגעשוויגן.

לאָמיר אייַנגעפֿליגלט, ווי טויבן,
פֿליִענדיק זיך אויפֿהויבן,
ציִען ווו ס'פֿאַרגייט די זון
אין ברענענדיקן סוד.

אַרייַנגעלאָקערט האָט
אונדזער חיות,
ווי אין איר פֿלאַקער־פֿלאַם — די נשמה־רויז,
וואָס פֿינקלט דעם ריח אַרויס.

וואָס זאָל מען טאָן,
אַז דאָרט, ווי אין אַן אַלט ספֿר — צעפֿראַלט,
אין דער וועלט,
מישן זיך ווי טרוימען — בלעטלעך,
און אונטער איטלעך אות
סאָלאַריש אייַנגעשריבן
זענען די נקודות, פֿינטעלעך
פֿון לעבן אָנגעקליבן.
פֿאַלט צו די נאַכט,
ווערט מען פֿון לבנה־פֿיבערס פֿאַרשפּינט
און ס'פֿאַרכּישופֿט ס'ווינקענדיקע ליכט
מיט אַסטראַל־בלענד די זעל
אין לאַבערינט פֿון די בענק־טאָלן פֿאַרפֿאַלן,
ווו עפּעס מאַנט צעברענט.

## אַ ליבע־טרוים

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

די „מוטראַ"־גאָלד,
„מאַרמאַריטן"־בלומען
אין מאָרגנפעלד
ביים הימלזוים
פון גרינע שטענגלעך אַראָפּגעהאָנגען,
זענען טויִיק אָנגעטרונקען,
פלי־פּליטערדיק צעוווּנקען.

ס'טשווישטשערן פייגל פלי־פליגלדיק צעשפּרונגען
אויף ליכט־צעבלעטערטן „זונ־זשאַ"־בוים.
אַ פּאַסטעך אויף אַ סאַפּראַן־טאָלעקע
אַ נעפּל־רויכנדיקע,
אַ זדראָבענדיקע,
ביים „אפּק"־סופּיקן ברעג,
פּישטשלט אויף אַ פּישטשאַלקע
צו זיין פּאַסטוכקע
ביים עק פון יענער זייט
מיט אירע שאָף און פי.

ס'טראָגט אַ ווינטל־פוכקע
דעם אַראָמאַט פון יאָלקע־צוויט;
כטאַדע־גלעקלעך פון וויטן קלינגען.
שאַקונדראַ.

אויף אַ ווערבע־פּייפל אויסגעהוילט,
גאַנץ פרי
אין פעלד,
שוויפּטשע איך אַ ליד
צו דיר, טרוים צעבלימלטער
אין מיין פאַנטאַזיע:
די טענער אין מיין אורוואַלד, שאָטנדיק איינגעדרימלט
טשוכען זיך אוים אין אַ פּאַסטאָראַל
ווייט צעטראָגן.

מיין נשמה־שרעטל הויל,
ווי אַ זון־בליאַסק צווישןביימער,
אין אַ בוכטע איינגעשוויגן,
וועקט זיך דורך צעפּעכלט־באַנג.

זאָל זיין דער ליכט־דורכשלאָג
אין דיינע וואָלקנטעג, אַ שימער שיין,
אַ בלישטשענדיקער דורכדרינג,
ווי פון זון־ווייט
אויף יענער גרענעצזייט —
שאַקונדראַ.

## התבודדות

פון די אינער־טיפן אין גוף
דמימדיק צעפליסט,
דאַמפיקט נעפלדיק אויף
די זעלן — זייערע, אוים פאַרפחדטער סתירה,
אין שכל־צענטער
פון אימאָזשן־תהום —
רעיון־פינצטערנישן איינגעריסט.

ס׳ניסקערן אַרוים פון מוח־קטן רויך־סילועטן
ווי פון אַ קאַניץ־פלאַם דער בלענד,
אויף אַ שאָטן־וואַנט.
אימאַזשעזשירן־אויף מראה־פילמיק
פון דמיון־פלאַנטער
געשטאַלטן אַרויסגעוואַקסן
אוים רוחניות־וועלט,
אַן אינזיך־בילד.

טראַכסט: ווער ביסטו מיט די ביסטרע רעפלעקסן?
אַ צעפלאַטערט נפש געמאַטערט.
אין אַ חומר
אַ פאַרזייעטער יאָמער,
פאַררוחט אין יעדן גליד,
איינגעקייכט.
אימהדיק אומרו אין הארצן־שרויף,
פון דעם איין־און־אַפלויף אויסגעבריט.

טאַרעסטו זיך אויף מחשבהדיק,
מיט דער ראיה צעבלענדלט,

די חושים גערעגט, צעוועקט.
גאַפסט, קוקסט אויפגעריכט
מיט השקפה־גלי —
וועגן טבעדיקן פרילינג־צעבלי,
אַסיענדיק פאַרוועלקן,
אויפשיין פון טאָג
אין מזרח־זייט,
פאַרשקיעהטע וואָלקן
אין די הימל־טאָלעקעס
מנחה־צייט —
וואָס ציִען אָפּ מיט אַ צעפּלעמלטן סוד.

אויפגעציטערט, געלייטערט,
מיט הייליקן אימפּעט,
די הענט צעשטרעקט,
חיות־לב צעפּאָמפּעט
מיט שוימיקן זאָד,
לשון אָפּגענומען —
אַן אָדם־דומם
אַריינגעשוויגן אין שתיקהדיקן רוים
פון קיום־עולם —
כביכול־חלום.

וואַנדלסט דורך די קורצזיכטיקע טעג.
שעהען נאַכטיקע אויסגעליִען, פאַרפּליִען,
בעת בבחינה האַלאָוועשקע, די לבנה,
פאַרדייוורט, אַלט, פאַרגעלט,
אין איר זיגזאַג אָנגעוואָלקנטן וועג

ווערט פאַרלוירן און ניי־געבוירן.
ביסט באַוואַכט פון אומצאָליקע הימל־בליקן
אין גאַנג אויף יאָרן־סטעזשקע,
איבער די אומזע־שמאָלע שפּינוועב־בריקן,
אין די אין־סופֿות־וויסטאַס,
אָן פאַרטריטלטע שפּורן.

זאַפּט איין מיט קו־הבריאות־חוש דעם פאַרבן־הויך
פון הווה און לעתיד־לבוא,
וואָס שוועבט אַריינצושטאַרבן
אין עבֿרדיקן פאַרפאַך.

דאָס אויג פאַרפילמירט אין זכרון
פון אַרומיקער טבֿע
ס'דומם־לעבן פון ממשות־פּלאַנץ:
ליליען, רויזן, פיאַלקן, נעלקן,
צעגרינטן בוים,
און פּרוכט, וואָס ערד טוט געבן.
דער מוח פאַררעגיסטרירט
דעם בין־השמשות־טרוים
מערביש פאַרהימלעזירט.

בלייבן וועט, פון דיין וואַגלענדיקן דורכטראַכט
ביים לעצטן אויסדעך נאָכן פאַרחלומטן זיין,
אַ צייכן פאַר גאָט —
אויפן שטערן
צווישן די קנייטש־פאַלדן איינגעפּרווירן —
דער אַנגסט, אַ טראָפּן שווייס,

דער גלאַנץ פון אַ גליווערדיקער טרער
אין אויג גלימצערנדיק אין פאַרגלייז ;
אַ פאַרטרויערטער דורכגעזייערטער פּיין
נאָכן גינגאָלדן דורכשפּאַן ;
אַ פאַרטריבן און אויסוועפּן,
פון אַ פינקלדיקן געדאַנק,
ווי אַ מעטעאָרן-פונק
פון אייבערשטנס קרעמיען
אַרויסגעשלאָגן.
מיט אַזאַ בלישטשענדיקן בלענץ
וועסטו זיך האָבן
דעם ענג-שלענגלדיקן גאַנג
דורכגעטראָגן,
אין די חושכדיקע אַשן
אַ סאַזשעדיקער סובסטאַנץ
אויסלעשן —
ווינטן וועלן ס'איינשלאָפן צעפּייפן.

## גרויל־וויזיע

**פון אונדזער שטעטל**

כ'ווער געטראָגן בדמיון־כוח
צום ווייסן באַרג
ווי אַ מצבה־שטיין,
מיט שטריכן־קלאַג פון „שרעקן־נעכט"
איינגעקריצט זייט בראשית־טעג,
שטאַרצנדיק הויך פאַרן „הייליקן פעלד"
קרקעדיק צעאַקערט,
מיט אַ בית־עולם־ליכט איינגעשקרט,
פון לבנה אַריבערן וואַלד.

כ'שטיי מיט אַ צעטרעסלט האַרץ
פון שלוכץ און וויי,
פאַרשרומפּט,
בלוטיק שוואַרץ,
טשאַפּקענדיק קאַלטע טראָפּן
אויף ווונדיקן אָרט, ווו ס'ברענט און שפּאַרט —
ס'ציטערן די ליפּן
ס'פּייכטלען די אויגן.

ווינט אין פּנים סווישטשעט,
אילע תוהום אויסגעטליקעט —
בייטשט און טשוויקעט...
הויך צעפלויגן
איבערן פאַרשאָטענעם גרוב
איז צעוויטערט אַ ראָב —
אין שנאָבל איינגעריסן
איז אַ כתב —

פלי־פליגלט אויף
און פֿאַלט צוריק ווי אונטערגעשאָסן
אין מתים־טאָל — קברות־שוים פון קהל.

ס׳דוכט: אין טויטן־ליכט
האָט פון ווינט געוויטערט דורכגעפּלאָטערט
פאַר מיין ראיה די וואָראָנעדיקע לוויה־שריפט,
אַרויסגעציטערט פון אַ האַנט
מיט גיפט און בלוט פאַרפּענט:
„ווו ס׳האָגלט און קנאַלט פון ביקסן
די בלייִיקע קויל פון רציחה־ווילד
זאָל אַ קללה זיך צעוואַקסן.
אונטער דער פּויליקער ערד
ס׳גרויליקע ווערעמל ווערן פאַרצערט —
גראָז־וואָרצלען פאַרוויאַליקט
שימלדיק דורכגעמאָיליקט״.

„רעבים׳־הינט מיט געזונקענע קעפּ
און די ווײַדלען אַראָפּ,
דערשלאָגן זיך אַרומטראָגן
זאָלן אָנגעהייצט צערייצט,
גלוסטן דעם משוגעת הארבן
אין גייעם־פלייש צײַנערדיק אײַנקאַרבן.
די ,ערל־חיות׳ מיט חלשות־פּלאָג
זאָלן בייסן קראַנק די צונג,
מיט בלוטיקן סם פאַרטערפּענען וועלן
דעם גרים־ברען פון פלאַם״.

„לעשן זאָל זיך הימלישע שיין
פאַר די פאַרשאָלטענע
מיט דעם משוגע־קוק
אין די פינצטערע שטיבער.
באַהאַלטענע פאַר דער שוואַרצער שרעק —
מורא־פּיאַווקעס, וואָס זייגן
דעם זעזוכט פון די אויגן
לאָזנדיק חושך־גריבער.״

כ׳שטיי אויף פאַרהילצערטע פיס
אין נאַכט־שעה צעטרענצלטער,
מיט דער מילץ ווי אין „ראָפּע״ פאַרטרונקען
אין פּירכטיקע מחשבות איינגעזונקען,

אַקעגן מיר פון הינטערן פּלויט,
אויף אַ סטויפּ אָנגענאָגלט,
שטאַרצט דער געשווענצלטער
שטום, טויב פאַרגילגולט,
היט דעם צווינטער פאַרצוימט
איינגעשפּענסטערט אין חשכות פון טויט.

ס׳פויגלט־אויף נאָך אַ מאָל
איבערן קברות־טאָל
דאָס שוואַרצע עוף,
ס׳איינגעשכנטע,
צירקלט אַרום בית־עולם, —
באַלאָבטענעם צלם,
פּאַטשט מיט די פליגל

האַלט אין שנאָבל דאָס כתב־פּאַפּירל —
וויסטונג־גורל,
פינצטער־מזל,
שטעלט זיך אָפּ אויף סטויפּיקן שפּיץ
פון אויפגעשלאָגענעם געץ,
לאָזט פאַלן דאָס פאַרצייכנטע
און קראַקעט אויס דאָס קראָען־האַרץ
בייז און גרילציק.

און איך, מיט נשמה טעלטשיק,
קוק אויף דער ראָב,
פאַרשאָלטענע טויב
צעפעדערט שוואַרץ
צעוויגט אויפן אָרט ניט געדאַכטן,
יאָרצייט אָפּצוריכטן,
מיט איר רוי־געקראַ
דערמאָנענדיק אים
דעם „בן־אלוקים”
געחוני־המעגלט
פאַרוואָגלט,
אַז דאָ ליגט דערשטיקט: —
אַלט און יונג, און אַ באַרג שמות,
אין דער ערד הייליק איינגעטיליקט,
מיט פאַלשן ליכט באַשיינט.

איך שטיי צעבראָכן גראָ
אין תכריך־קיטל
וויסט אויסגעליידיקט,

לייען דאָס גורל־צעטל
און הער זיך צו, ווי צו אַ מזכיר־נשמות,
צום קראַקן פון דער קראַ
און צום פּייפן פון ווינט.
וואָס גראַבלט בייז
מיט פליגל־נעגל,
ווי פלעדער־מייז,
און פאַרמחבלט
דאָס שטעטל וויסטע
אויף דער שטן־ליסטע
ווו שדים פרייכן
און טריל־פייגל ווייכן.

# אַ פלאַקער־געוואַלט

אַ פלאַקער־געוואַלט
מיט משחית־פונקען,
אַן אשמדי־געשריי
אין רויכענעם פאַרזונקען
שפּאַרט ווי טויזנט רוחות
פון תחתון־שחת,
ווערט אונטערן הימל געזעצט,
די כמאַרעס צעבליצט —
פאַרן בליק פון דער וועלט.

צאָרן־אויסגוס ביים טאָג־אָפּשלוס
ווו הימל־און־ערד זוימען זיך צונויף,
אַ גיהנום־חלום גייט אויף,
ס׳שפּייט דער תהום אַ פלאַם
רשעים־זינד אין אַ בראַנד —
פייער־בלוט אַרויסגעגליט.

געמינערט, פאַרדאַמט,
אין זיך איינגעשטומט,
שטייט דער עולם,
ווו ס׳איז מלאכי־חבלה־ממשלה,
אויסגעטאָגט
און שרעקעוודיק קוקט.

אַנו, זאָל װער אַרױס
פֿון דער עדה שװײַגער
אַ קריגער,
אַ טאַפּטשע טאָן מיטן פּוס,
און בײז, מיט אַ פֿינגערװײַז,
צײגן אױף שריפֿה פֿאַר די צעגלאָצטע אױגן:

צו די מוח־דרײער
װעלט־באַפֿרײַער,
װאָס צינדן פֿײַערן
בײַ די פּולװער־טױערן.

אַנו, ס'זאָל כאַטש אײנער
פֿון זײ װאַרפֿן פּיסק־שטײנער
מיט אַ קרעליץ פֿון האַלדז.

לולקע־רויך פֿון קהל־מויל
שלאָגט־אױף, װי אַ שװײַג־עולה
צו די, װאָס ברענגען די „גאולה",
און זענען געהאַסט פּאַרװיסט,
מיט קין־צײכן אין זיך אײַנגעברענט
פֿון מחבלים האַנט.

# אין בלענדיקער שווינדל־צייט

אין בלענדיקער שווינדל־צייט,
שקיעהדיק אין פאַרנאַכט,
בין־השמשותדיק פאַרזייעט,
זיץ איך איינגעהאָרבעט
ביים אוקינוס־ברעג
און פינגער אַריין אין זאַמד פאַרטראַכט
עפּעס אין זיך אויפגעגאַנגען,
פון טיף אַרויסגעזונגען
צום פאַרפלאַמטן טאָג.
ווערט אויף הארצן גרינגער,
ווי חידות־סודות זעל באַשווערן
געדאַנק־אויפרירן.

עלעהיי כ׳וואָלט זיין איינער אַליין
אין דער וועלט
און דערפילט דעם זון־ווונק אין ים,
איך בין מתפלל צום ליכטלעכן צעשטראַלט,
וואָס בליסקעט ווירמל־רויט
אין וואַסער־געמורמל
אַ שכינת־אלוקים,
און ס׳ווערט פון דעם צעשיין
בשכנות
נשמה־לייכט —
און ס׳אויג פאַרפייכט.

## אַ זייגערמאַכערס באַקלאָג

מיקראָ-ווערק פון מעש און שטאָל
מיט געווינט און שרויף,
טריב, ראָד,
שפינדל און שפיראַל,
וואַל, סקווער און שפרינגל-שפּער,
פאַר ספּרוזשינע-אָנלאָד
מיט געשפּאַנטער קראַפט,
אָנגעדרייט
פאַרן שפינדל-לויף
אין אַנקער-שטיק
זייגערנדיק די צייט,
שנעל-רגעדיק אַרויסגעשווינדלט.

קאַליע ווערק גלאַנציק געגילדט,
קונציק צונויפגעשטעלט,
האָסט אומצאָל מאָל
פאַרצאַפּט מיין בלוט,
דענערווירט, איידער ווידער דערהערט
זעכציק רגעס אין אַ מינוט
אויסגעטיקט.

דורך אַ פאַרגרעסער-גלאָז געקוקט
ביים העלן שיין אין „אַ שעה-שטעפּערל" אַריין
האַלטנדיק אין האַנט,
קלער איך מיט פאַרדרוס:
וויפל טעג און נעכט,
יאָרן אָן אַ שיעור
כ'האָב פאַרשוועגדט;

וויפל פולסנדיקער אָדער־שלאָג,
געמישט מיטן מעכאַנישן טיק
פון שווינגיקן גאַנג, אַרויסגעשפינדלט?

אַז איך באַטראַכט אַ יוועלן־לאַד
פון אַ פאַלירטן צאַפּן, פּרווו דעם לופט־שפּיל טיף
פון ראָד אין טרייב־טריב,
לאַקער רוים פון ראָבין־צאַפּל אין איינשניט פון גאָפּל,
הער ס'גלייכע קלאַפּן פון שטייגער־צאָן אויף האַטשל־שטיין
אַ גלאַטיק־שיפּן אויסגעשליפן —
פרעג איך: וויפל אויגן־ליכט, דורך „לופּ"
האָב איך אַריינפאַרלוירן, וויפל שטאַרק, שטופּ,
און זאָרג, אַריינגעגילגולט אין יעדן ווערק?
דערפילט יאָרן אָנגעווווירן,
טוט באַנג:
יעדעס „קלעפּערל" פאַרריכט —
העפּעט אוים מיין אומרו, אַריינגעהויכט
אין צעשווינג פון מעטאַל־געקלאַנג.

## מיין שפּעטע תּפֿילה

מיין שפּעטע תּפֿילה איז עולה ווי נאָך נעילה,
דורכן האַרץ פֿאַרשוועכטן,
אויף קוים באַלאָכטן
פֿון טרערן־ריטשקעס
צעגראָבענע סטעזשקעס,
באַגלייט נשמות זינדיק־שלעכטע
אויסגעהויכטע.

מיין געבעט דרינגט אויף
אויף די רויט־ענגע דורכגענג
פֿון אויסגעדלובעטע ווייטן,
ווו צדקי־אלוהי
ווערן אויף בטחון צעפֿליטן
געפֿליגלט צו די אָהלי־השם
נהנה זיין פֿון שכינה
דעם זיו־חדשה
געאַכפּערט
און דעם כּל־עולם
מיט קדושה באַפּרוכפּערט.

מיין חרטה גייט אויף
אין דער דעמערונג רויטער,
וואָס טליעט אויס
אין די וואָגל־וואָלקנס
אויף מערבֿ־שטעגלעך,
מיטן גלייַקן אויסברען
פֿון אויסגעלאָשענע שטערן
אין אייביקן „דאָמעין”.

אַנטרינענע
ליכט־פלאַם אויסגערינענע
שוואַרצע „האָדעס״־גרודעס
שטרויכלען דעם גאַנג צו די הכלן
ווו די השגחה
איז אין שטראַלן־טולן
איינגעהילט.
פון צידקיות מיט רחמים גרוים
און רעיונות נאָך ניט דערפולט,
דמיונות וואָס בליצן אוים
אין ערגעץ־וויסטעניש
פון אַ בראשית
אַ יהי־אור־קאַיאָר...

## מיט טיפן שניט

מיט טיפן שניט
אין די באַרוועס־פּיס
אויף צעקרישלט גלאָז,
פון שטוב־שויב אויסגעשלאָגן,
וואַנדל איך אין שלאָף,
כ׳ווער פאַרטראָגן.
מיט נשמה־נאָדלען אין לייב געשטאָכן,
פאַרקריך איך ווייט,
זוך נעכטיקן טאָג,
אונטער די הענט צעקראָכן,
דעם שיין פון אויסגעלאָשן ליכט
אין אַן אָנגעשטויבטער נאַכט
מיטן צווייט פון חושכדיקער צייט.

ס׳פינצטער געמיט — צעבריט,
ס׳האַרץ —
צעדראַפּעט פון קראָען,
וואָס נעגלען, שנאָבלען
אַרויס אין די חלום־שעהען,
פאַרמאַטערטע מינוטן אַרויסגעשוואַרצטע,
אויס די מיט פאַרע צערינטע בלוטן.

פון אַ כמאַרע טונקל־גראָ
געשטאַלטיקט זיך אַרויס אַ ייד,
מיט צעדוכנטע הענט
צו וועלט מיט קידוש־השם־אויוון
רויט צעברענט,
איידער דער טאָג פאַרנאַכטלט,

אין זשעגעכץ פון חושכן,
און לבנה באַליכטלט די געמויזעכצן,
ווו ס׳זומפּיקט דער בולוואַן־עגל,
און איבער אים פלאַטערן
טשירפּענדיקע פייגל
פון מכשפות צעשלוכצטע,
בוזעמס וויסטע אַרויסגעלאָזטע,
אַרומצופליען פאַרשאָלטענע
צו פּאָכן מיט פלעדערוויש
איבער פּוסט און פּאַס
אַ פליגלדיקן ווינט־הוש,
צעשושקען אין דער וועלט
אַ בלינדע פינצטערניש,
האָבנדיק צעקרעלט־צעגראַבלט
אַריינגעמחבלט
אין איר אַ שטומען טויט־געוואַלט.

## לאָז זיין מיין בליק

לאָז זיין מיין בליק אַ פאַקל-שיין
אין אַ פאַרחושכטע האַרץ
מיט פולס, וואָס פרירט,
און דעם טויט דערשפירט;
אין אַ מאַמע-אויג פינצטער-שוואַרץ,
בעת איר שבעה נאָך אַ קינד —
אַ כליפּענדיקע
מיט אַן אבל-וווּנד;
דאָס לעמפּל-ליכט ביינאַכט,
אין הקדש-ווינקל,
ווּו אויף צעפּוילטע זעק
אין דער טונקל
ליגט אַ קימפּעטאָרן
מיט אַ ממזר ערשט געבוירן,
וואָס שרייט פון שרעק;
דער שטורקאַץ-בליץ
אין קוק פון אַ זונה
איבער די פינצטער-גאַסן פאַרלוירן
וואָס זיך פאַרקויפט,
און איז מיט שנאה אָנגעזויפּט;
אין בלינדנס גלאַץ, פון טרערן פייכט,
מיט אַ שפּל געמיט —
אַן אינער-פלעמל וואָס באַלייכט
זיינע שאָטן-טריט.

זאָל זיין מיין בליק דער גלימצער-פלעק
אין זע-אַפּל פון אַ קאַלב —
צו שחיטה אויסגעשטרעקט פאַרן חלף-כיק;

ס׳בליק־בלענצל פון אַ שוואַלב,
צעפּישטשעט וויסט —
קומענדיק צוריק צו דער אויסגערויבטער נעסט;
דער אָפּגלאַנץ־שטראַל
אין אויג פון אַ שאַקאַל,
אַ צעוואָיעטן וואָלף, אַ הונט,
ווען הונגער די געדערעם צינדט;
אַ גלינצל־ליכט אין די נעכט אָן שטערן
אין דער ראיה פון שרצים,
וואָס אין חשכות זיך מערן;
אָן אָפּשיין פאַר די אין שפּאָן
אויף וועגן לאַסטיק געבויגן,
ווי פון וועלט אויסגעשפּיגן
אין בייז־בידנעדיקן שווייגן.

# געגנידערט צו די טאָלן

פון ציקל פּאַשאָנאַדן

כ'האָב געגנידערט צו די טאָלן
ציגיינער־כוחות איינצוצוימען,
ווען גלוסטונג הייסע ניט אָפּצוקילן,
ס'פּלעגט דאָס דם־רע איבערשוימען.

אַ טשופּרינע,
אַ געדיכטע שוואַרץ,
האָר פערדן־סטרונע;
ווי קאַלך ביים לעשן
איז אַ הייסער פּאַשאָן
זידנדיק איבערגעלאָפן
פון איבערגעפולטן האַרץ.
מיין ממזר־בליק אין ביסטרע אויג,
פלעג שיקסע און מויד
מיט צעפלאַמטע געבליטן
היפּנאָטיש און עקסטאַטיש פאַרבגילופין,
ווי שפּילות די בתולות
האָבן זיך אין געגלי
צו מיר געריסן,
מיט האַס און לוסט
אין די ליפּן איינגעביסן.

מיין עקזאָטישער הולך,
עראָטיש אויסגעפּייפּטער וואַלאַך,
האָט ביי מאַמקעס יונגע אַ פייערל צעצינדט
אין די ברענענדיקע אויגן,
צו האָבן קינד אין שוים געוועקט,

די בריסטן אָפּגעדעקט
מיט געשפּאַרטע מילך זיי אָנצווייגן.

אַ יונגאַטש אויסגעפּלעקעט שטאַרק
אין געבערג מיט יאָלקע־וואַלד,
געפּייפּלט אין טאָלעקע אויף פּישטשאַלקע,
אַרויסגעשנויפּלט אַ ליד להוט און ווילד.
איצט, אָן גלאַנץ אין קוק,
אַלט, גראָ, ניט געשוירן,
טראָג אַ מיצל פון אַ טערק
מיט אַ טראָלד,
בין אין אַ מלבוש איינגעהילט,
דורכגעפּרווירן,
פּיפּקע מיט די ליפּן בלאָ
דעם לאַנגן ציבוך אין די ציטערנדיקע הענט,
וויקל זיך אין רויך, הויך אויפגעשלאָגן:
זאָל קיינע פון די מיידן יענע
ניט וועלן וואַגן זען
דעם אַנאַטאַמאַ אין אַ וואָלקן בלינד,
מיט איבערגעטראַכטע זינד.

## דורך שויב

דורך שויב אָנגעצונדענער אין שטוב
פון דיין שקיעהדיקן פאַרפלאַם,
וואַרף אויף מיינע אותיות מרובעות
אַ ציטערדיקן שיין,
די, וואָס אָפּלן זיך איצט מיט האַס
אין ווערטער אַרויס —
אָפּשלאַג פון אומקום
איינגעפינצטערט אין מיר.

שענק, זון, פאַרצאַנק־ליכט,
צום חושכדיקן אַרויסשפּאַר
פון די לעפצן מיינע אַרויסגעפלוכט.

הימלס־פייער־וווּנד,
וואָס האָסט סוף־מהומה־טעג,
ווי אַ הייליקע שימה געברענט —
זיין זאָל דיין פאַרגיין אַ רויט־צייכן
פון יענעם וויסטן גיהנום מיט טשאַד־געדוכן
איבער מיין פאַרמגילהטן
געזאַג, קין־קרוין פון שרעק.

דער שטורעם, וואָס ווירבלט אומגעצוכט,
איז פון שטן אין האַרץ מיר אַריינגעלאַכט,
פאַרשוואַרצט דאָס בלוט
טויזנט מאָל איבערגעזידט,
איך טינק מיין פּען
און אויף שאַרשקע פּאַפּיר,
גראַבל אַריין מיט שאַרפן שפּיץ

צו בלייבן אין זכרון פון דורות נאָך מיר,
אַ שרפהדיקער איינקריץ אין זינען,
ווי אַ בינען-שטאָך זיי אייביק צו דערמאָנען,
ווען ז׳וועלן דערזען, אפילו אין אויפברען-גלימער
פון די אור-בוקרן,
דעם פאַרנאַכטיקן געדעמער פאַרפלאַקערן.

דאַרום —
דורך אָנגעצונדענער שויב אין שטוב
פון שקיעהדיקן פאַרפלאַם
זאָלן שטראַלן, וואָס פאַלן
אויף מיינע אותיות מרובעות
און פאַרקללהן זיך אין אַ סַמיקן פלוך,
זיין אַ קרוין-שיין
איבער די פאַרחושכטע צעשאָטענע
דבורים, אַרויסגעוויייטיקט
פון די שוואַרץ-בלוטן
איבערגעזאָטענע.

# נאָכן טויט

וועןַ די אויגן
וועלן פאַרגלייזטע ווערן,
און ליגן אויסגעצויגן —
ניט הערן
כ׳וועל דעם יאָכצן-קרעכץ,
פון עמעצס נאָנטע האַרץ.
ניסקערן צוקאָפּנס וועלן ליכט,
שאָטענען אויף די ווענט,
געל פאַרוואַקסענען דאָס געזיכט,
די ווי ליימענע הענט.
ווען סיטרא-שוואַרץ צעפליגלט
ווען האָבן איינגעהויכט מיטן דוך
אַן עיפּושדיקן גערוך
פון טויט-טשאַד,
וואָס וועט האָבן געזיגלט
אויף די ליפּן פון מויל
זיבן-מאָל-זיבן
דעם אַנגסטיקן גרויל,
מיט מיתה-סם
פון דער גסיסה פאַרבליבן.

זאָלן די טרייע,
ווען שפּאַרן אין זייער ראיה
וועט אַ זאַלציקע טרער
ביים קריעה-רייסן,
וויסן:
ס׳לעבן געווען איז מיר
ביטערדיק שווער.

איינגעפרוירן אין גוף
מיטן אייביקן שלאָף
אַ צער פאַרבליבן
ניט אַרויסגעבוירן.
תרעומות האָט אין די נפש־קעמערלעך
זיך פאַרקליבן,
מיך צו באַוווינען
בלייבן אין שאַרבן און אין האַרץ אָפּגעשטאָרבן.

די זיפצלער, וואָס ווען פריער צי שפּעטער,
ס׳לעצט אָנגעשריבענע
מיט אַ טינט אַ רויטער
דורכקוקן,
זאָלן אַ קלעמונג דערפילן,
אַ רוי־האַרבעדיק קילן
פאַר מיין איינגעשרימפּטע זעל
אַ קרבן פאַרשימפּטע
גיפטיק פאַרדאָרבן,
ווי אַ פאַרשאָלטענע קראָ,
פאַרוואָגלט און צעפליגלט
איבערן קבר אָן רו.

# אויפן וועג צום גן־עדן

צי דאַרף מען קודם
פינצטערע היילן צעשטורכן,
די שבעה־מדורי פון געווען
טרוימענדיק דורכשאַרכן,
ערגעץ קומען אויסגעוואַשן און זען:
בוימל־קוכן אָוועקגעשטעלט,
האַמענטאַשן צו פאַרזוכן,
אין די בלאָע היכלען פון יענער וועלט?...

צי דאַרף מען
אין זיך שיכורן, ווי לוט, ס׳האַרץ־בלוט,
מיט דעם זאַפט פון טרויבן,
זען דורך שווינדל־שויבן
ווער זוכה,
ווערט פון דער השגחה געפירט,
ווי אַ קינד פון אַ זיידן,
מיט תרי״ג אָנגעלאָדן
דורך ווירמל־וואָלקן־מירמל
צום איינפאַרכטעניש פון גן־עדן
ערגעץ איינגעגרענעצט
אין אור טהור,
ווו שלהבת פון שי עולמות
טליִעט אין נשמות פון די אָבות?

ווען וועלן שרפים די אָדם־גופים באַפעלן,
ביי די נעמען פון טויט־שלאָפן אויסרופן —
אויפצוקומען צום לעבן?

דער תּשבי מער ניט בייזער,
וועט מעגן אין זיין נבֿואהשער מראה
פֿון געהיים־כּמאַרע זיך אַרויסהילן,
אַרומפֿירן דעם דערלייזער,
אין די בעטלער־קליידער,
פֿון עקידה־ווידער,
דעם משיח־האָרן בלאָזן,
צעשאַלט אַריינשופֿרן אין דער וועלט
גאָטס ווילן פֿון שלום,
דורך כּרובֿים אַריינוועבן דעם תּחיה־וווּנדער,
דורך פֿייער־בראַנד שולד־זינד
פֿאַרגעבן,
שטראַלן־אױפֿשלאָגן,
און אויף זיי —
בשׂורות־טובֿות צעטראָגן.

## וואַרף אַ זוך־שיין

וואַרף אַ זוך־שיין
אויף דיין מנחה־ליד,
נאָך אַ טאָג אַ טריבן,
מיט כמאַרעם פאַרשלאָגן,
אין דער טונקל אָנגעשריבן.

לייכט די מרה־שחורה אַרויס פון אות,
וואָס בינדט און באַווײנט דאָס וואָרט
מיט מרירה אַרײַנגעוויינט.

ס'טראָגט ניט דאָס געדיכט
אַ זון־אויפבלענץ פון פאַרטאָג
אַ שקיעה־מראה
פאַרן איינשאָטענען אין פאַרנאַכט.

וואַרף אַ לאָמפּ־געוויין
אויף דעם איינגעשפּאַרטן,
בידנעם אַרויסגעשריפּרירטן וואָרט
פאַרוויסט אָן טרייסט,
איינגעחושכט מיט טינט
פון די בלוטן־סאַזשעם איבערגעברענט.

פאַרוואָגלטע לעב־שאָטנס
בלאָנדזשען אין די תוהום אַרום
מיט פינצטערניש אין זיך,
זוכן אַ ווידערשיין
פון אַן אָוונטלעכן פאַרגאַנג
אין די געזאַנג־בלעטער פון אַ בוך —

אין פאַרזשמורעטן בליק
איינצוזאַפּן אַ פאַקלדיקן נאָכפלעק
אין די דעמער־רגעס איינגעגליט
בליץ־פיבערס פון אַ פּאָעט,
אָפּגעשנויצט פון דער זון,
און בעת שרייבן
אַריינגעגילדיקט אין די ליד־געוועבן.

וואַרף אַ שמץ־שיין
אויף דיין טונקל כתב.
זאָל דוכטן,
אַ שטראַל האָט אַרויסגעלאָכטן
פון דיין בין־השמשות־זעל,
און באַשיינט דאָס אות, דאָס וואָרט,
די שורות־טראָף,
און דאָס ליידיקע אָרט,
אין צווישן
אָפּלדיק איינגעלאָשן.

## „די עליטע"

מ'וואָלט באַדאַרפט באַזיצן
אַ האַרץ-ווולקאַן
מיט שטיקנדיקן רויך
אַרויסגעוואָרפן,
אַ גיהנום-שפּראַך, שוועבל און פּעך,
מיט אַ פֿלאַקער-געפּייף אַ שאַרפֿן,
פֿאַר די „ניט-גוטע"
בני אשמדאי.

מ'וואָלט באַדאַרפט צעשווינגען
אַ שרפֿה-בייטש
אין פּרצוף צו דערלאַנגען
דער „עליטע",
וואָס האָבן קאַרשן-בליטן
פֿאַר „שקצות-צוויט"
משחיתדיק אויסגעביטן —
אַ כורת-ברית מיטן שד.

זע געשריבן
איבערן דאַך פֿון זייער הויז,
אין דער לופֿט,
אַ שרעקן-שריפֿט.
זע אַ פֿויגל-מויז,
אַ פֿולזעטיקע,
מיט גלי-אויגן,
איבער מדבריות צעפֿלויגן.

די נעגל אין די קרילעם פֿאַרשאַרצט,
נבֿלהט אָן אַ וויסטעניש
פֿון פֿלי־פֿלעדערן אַרויסגעשוואַרצט.

קראָען אין די ווינט־געוואָיען
יאָגן נאָך דעם רוח,
אַ צעיאָגטן ווילד
אין די כמאַרעס
בליץ־בלוטיקע,
פֿון דונערן צעקרעלט.

## גאָטס אויג

דער געהיימער בליק
אין איינגעהבלטן רוים
פון ווייטער ווייסטעניש,
וואָס שיינט אַרויס פון ביליאָנען פייערן
אין אומגעהייערן „וועלט־כאַזם",
וועלכע זייען זיך דורך דער פינצטערניש,
נשמהט זיך איין אין מיר, „מיקראָקאָסם",
זייט קינד, שטוינענדיק און וויינענדיק,
מיט אימה און יראה אין דער קאָסמאָסקייט זיך דערקענט,
און צו דער אל־עולמדיקייט זיך צוגעווינט,
שעפּטשע איך אַרויס הייליק
קוים אַ הלל,
צו די חידושי אלוהים —
מאַכט פון אוניווערסאַלן צעפינקלט ליכט,
וווּ ס'איז אייביק איינגעברענט
דער אחד־סוד
אין אויסגעשפּרייטן חלל
צעטראָגן און איינגעשוויגן.

איך שטום
באַווירקט אין אַ התבודדות
מכוח דער הייך,
זיץ אויף אַ פעלדזן־שטיין
קורצזיכטלעך
ביי אַ צעפלאַמטן טייך,
וווּ ס'ליכטלט זיך אַריין,
ווי אַ תרופה
פון מילאַסן פלעמלעך,

כביכולם השקפה
און דערנענטערט, ווי דורך „אַ פערן־גלאָז"
צום אויג דעם שימער־סוד
אין עולם־גענעץ
איינגעציטערט
און ס'האַרץ פּאַרכטיק פלאַטערט פרום
ווי די צעוויגטע כוואַליעס
אין אַ מורמל־טרוים
איינגעשושקעט מיט הימלניש און הון פון שטערן־שיין,
השגחה־זריחה פון שם־המיוחד.

## ווער מוסרט

ווער גאַליק „שמייליק", ווי אין קירכע,
מוסרט-מעסערט,
ווי מיט אַ קלינג אַ שאַרפן?
ווי מ'וואָלט אַ סירכא
זוכן דאָרפן
אין וווּנדיקן געשוויר
פון דורות אַ צעיאָטערטער.

לאָזט מיך אין ווירוואַר,
מיט זעל אַ פאַרמאַטערטע,
אין געוואָגלטן גאַנג,
אָנגעשיכורט מיט אַ געטראַנק
פון אַ טויבונג-זאַפט,
וואָס פאַרשלאָפט.

ווי אונטערן באַרויש פון מאָרפין,
באַגער איך בדמיון שטיין פאַרן קודשא בריך הוא,
שטום צעדאַוונט מיט ניט-דערזאָגט —
פון שטיל-צעזעלטער שעה,
אין דער מינוט,
ווען ס'האַרץ איז אויסגעגזלט,
צערייזלט ס'בלוט,
און אין מאַרכן-זין
איז איינגעטערפּעט דער טיפער פּיין,
וואָס נאָגט און נאָגט...

## מיין חלום

אין אַ פֿאַרלאָזטן חלום וויסטן
פֿון עולם-התוהו,
אין נעפּלען גרוי פֿאַרטרונקען,
כ'טו אַרומבלאָנקען
מיט אַ צעוויטיקטן ברי,
און זע:
בתולות אויפֿגעיאָגטע,
די לייבער צעביסענע,
פֿון קליפּות באַצוווּנגען
טויכן אויף פֿון רויט-אָנגעזאַפּטן
בית-עולם צעגראָבטן,
מיט קולות
פֿאַרצוואָגטע,
אין אַ מהומה,
ווי אויף אַ לילית-חתונה,
אַרום בראַנד-עולות
פֿון דער אדמה אויפֿגעגאַנגען,
אַ רויך-יעמערלעכע זאַווערוך-סטיכיע.

טאַטעס און מאַמעס,
געטראָפֿענע פֿון קויל,
גוף איינגעריסן
גוססן.

אין דער חשכה
פֿון תהומות-שפּאַלטן
גאָרגלען-אויף קללות
פֿון פֿאַרגיהנומטע,

אַרויפגעשאָלטן
מיט אַ גראַבלדיקן גרויל.

ס׳שפּינט זיך שרעק.

מיט האַרצן־קלאַפּ —
פון טומלדיקן קאָשמאַר
איך כאַפּ זיך אויף.
ס׳זשומעט אין קאָפּ,
ס׳שווינדלט פאַרן אויג
דער חלום־אָנבליק
פאַרן צעווועק.

איך פאַרליר מיט דער פינצטער־שעה
דעם פּחדדיקן געפריר.

ס׳שאַריִעט דער קאַיאָר.

## סוף־חודש־נאַכט

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

סוף־חודש־נאַכט,
ווען הינט ניט בילן,
בין איך אַרויס פון צעלט אין דרויסן
מיט אַ וואָרף־שיין
אַסטראַל־ליכטלעך זוכן,
אין די חושכן פאַרפאַלן
צאַנקענדיקע געפינען
אַריינפאַלירן אין זיי
בליאַסק פון זונען,
אין אַ קרוין איינפאַסן,
פאַר דיר אַ מתנה —
שאַקונדראַ.

איך בין אַרויס מיט לאַמטערן
די שטערן,
פאַרלוירן
אין די סאַזשע־שטויבן,
מיטן מאַגנעט צעגליט אויפגעקלויבן,
דורך גערהיימע שפּרוכן לבנה אויפזוכן
די, וואָס טרובאַדורן פאַרפירט
באַלאַדן אויסצוזינגען.

מסתם איז זי אין זשענעכץ אויסגעשמירט,
פון דער פינצטערניש פאַרשלונגען.
איידער ווערנדיק פאַרלאָשן
דאַרף מען אַרומוואַשן,
די צעדולטע,

וואָס אין די הרי־חושכן פאַרקריכט
צוריקברענגען איר ליכט
צו הערצער ליב
און טריב אָנגעפולטע.

כ׳בין אַרויס אין אַ דמיון־טור
טראָגנדיק לאָמפּ,
ניסקערדיק פלעמלעכן רויך,
מיט שימותדיקע שפּרוכן
די לבנה אויפצוזוכן,
קומען אויף איר שפּור.
מסתם געזונקען אין אַ זומפּ
אָזעריש צעפלאָסן,
פון אַ קאַטאַראַקט אַראָפּ־בערגישע הייך
מיט שטורמישע גיסן.
צו איר שווימען,
זי דערלאַנגען,
ברענגען
און אַ מתנה דיר שענקען,
אין יענע נעכט,
אויסגעלאָשענע אָן ליכט —
שאַקונדראַ.

## ס׳יאָגן מיך נאָך הינט

ס׳יאָגן מיך נאָך הינט,
גרייט שפּרינגען איבערן פּלויט,
קאַוועטשען, בילן,
נאָך יעדן טריט,
שטשירען וועלפישע ציינער,
און איך, געפּיעסטשעטע קינד,
ניט פון די קצבים,
היט מיין בינטל ביינער,
ציטער אין דער הויט,
כאָטש טראָג אַן אָקס אויף זיך
און מיט אַ מעסער שאַרפן,
שינד פעל און פלייש
און טו צו די כלבים וואַרפן —
ס׳האַוקען איינצושטילן.

מ׳זאָגט: לויף אין וואַלד,
ברעך אויס אַ צווייג,
טעסע אויס אַ סוקע שטעקן,
און מיט אַ בייזן מרוקע
שלאָג און טרייב —
די געוואַי־חיות אָפּצושרעקן.

איך, פון די בני־תורה,
יושב־אהל, האָב מורא
טאָמער דאָרט אָנטרעפן
כ׳וועל טיגער צי לייב.
ניט ווי עשו מיט פייל־בויגן,
ביקס און פּאַנצער־שורץ,

אָנגעשנאָטשקעט פֿון לאָגל,
אין די דזשונגלעלנישן מיט ווילדן געוויקס —
בין איך מסוגל
צו צילן,
בלוט פֿאַרגיסן.
גיכער ווערן צעקרעלט
צעביסן,
הערן אימהדיק בילן
אין דער איינגעכלבטער וועלט.

## עליה

ס'טראָגן זיך צום הייליקן לאַנד
פון בית הקברות —
אַרויסגעריסן
שיימעס פון גמרות.
ס'ציִען איבערן דרויסן
אין צעשטורעמטן געוויטער
סידור־בלעטער
מיט פּרקי־אָבות,
שערי דמעות,
קינות, תחינות,
הודים, לכא דודים
אל מלא,
קידוש און הבדלה
אין אַ קרייז אַ האַלבן,
ס'פליִען צו דער מערב־וואַנט,
ווי בייז־בשורה־שוואַלבן,
יריעות געשריבענע,
ווינט־געטריבענע,
איבער מדבר מיט הייליקן נאָמען צעשמט,
ווערן פון מאָרגנס דורכגעפלאַמט
און רעפלעקטירן אין זון־צעברען
די לוחות מיט די דברות צען.

און איינער אָן מנוחה,
געהילט אין שוואַרצן, אָן איש תמים,
אַ געפלאָגטער צעקוקטער אין רוים,
מיט אַ מורמער אין האַרצן,
זשיפּענדיק קוים,

ביי אַ צווינטער מיט צלמים,
דערזעענדיק שיימעס צעפליגלטע,
אָפּגעשפּיגלטע אין פרי־בראַנד,
טוט מיט אַ פּענזל אין האַנט
טונקען אין די פאַרבן
פון דער אויפגערויטלטער זריחה,
און מיטן רוח־הנשמות
מאָלן אויף לייוונט
דעם פליִענדיקן חורבן
ניט מיט פאַרפיר־קאָלירן,
נאָר מיט פייער־געשריי
צום גואל
של גוי קדוש ישראל
שדי אל נקמות.

# מאַרס

1

מיט אויסגעשטרעקטער שווערד
רייט אַרום מאַרס
אויף זיין „אוניקאָרן".
ס׳פּאַבולאַ-פערד
מיט אַ באָרד אַ ציגענער
און אַן איינהאָרן,
יאָגט אַן איינגעשוויגענער
איבער הריגה-פעלדער
צעאַקערטע, אויפגעגראָבן.
צעפלויגן מיט געפילדער —
אַ סטייע ראָבן פליגלען אים נאָך
אַקעגן זון, וואָס זעצט זיך צעהיצט,
מיט אַ בליץ-בלענד,
אויפן קריג-מעסער אין האַנט.

2

די עופות-רוחות
מיט אויסגעקראַכענע בייכער, אין געוויכער,
לאָזן זיך נאָכן שעכטער אַראָפּ,
איבער געפאַלענע קעפּ
אין איינגעלאָשענער נאַכט,
און דזשובען אוים מיט שנאָבל-שפּיץ
דעם הבל-גלאָץ פון אויג.
די „מעגא--ליכטער
פון אַלמאַכט
צעפינקלטע
קענען ניט אַריינגלימצערן אַ זריחה

אין דער מהומה־שממה,
וואָס די פייגל פאַרחשכהט — האָבן אָנגעפּאַכעט.

3
איבער פּאַשע־פעלד מיט אָנגעטריפטער ראָסע
רייט דער געשפּענסטער אויף זיין פערד
אין אַ ווילדיקן צעבריקע
מיט טעמפּער קאָסע
פינצטער שיכור.
אים שאָטנט נאָך אַ דראָזש־סקרוך,
ווינטן בייטשען אויף אַווירבל־געהויל
ס'שאַרפע פייפן טוט קלינג אין צעשווונג אָנשלייפן,
פאַר זיין זאַמאַך איבערן טויטן־טאָל
מיט אימהקע גרוילן אָנגעשוואָלן.

ווי טויען רויטע
אויף אַ צעזוניקטן גראָז צעבליצט,
אַזוי איז ערגעץ
פון דער השגחה
איינגעקריצט מיט גלייִק אות
אויף להבא אין אַ מצבה
דאָס חיות אין חשכה
פון אַ דם־שפיכה —
פאַרוואַשן און אויסגעלאָשן.

## אויפגעגאַנגען

לאָמיר לאָזן, ווי אַ וויסטן רויך,
דעם נעכטן-ברוך
אין די כימערע-נעפּלען הענגען,
און זיין אויפגעגאַנגען,
אין אַ זייל פון ליכט,
וואָס לאָקערדיק פאַרשיכורט
אין אַ בין-השמשותדיקן פאַרנאַכט.

אויפגעטריבן לאָמיר שוועבן
איבער דעם שימער-שטעג
צום פאַרבלענדטן גבול,
ווו ס׳מיניעט זיך די שקיעה
אין אַ חמימה-דרימל ביים עק הימל,
און ווו די שם-המפורשן
פלאַקערן זיך אוים היים
און באַשיינען
מיט אַ קאָראָנאַ-ליכט
די שכינה
איינגעדעמערט אין פאַרנאַכט,
מיט אַ פאַרגלי אין ציטער-שעה.

# אַ חלום אַזאַ

דיר דאַכט:
אַ שד טרינקט פון אַ כוס
ס׳אָנגעצאַפּטע פון אַ נפש אַרויס,
לאַכט און פּייפט צונויף שאָטן-וועלף.

מיט אַ כאָרכל-רוף —
כאָרטשעסטו נאָך הילף.
קומען רוחות אָן צו פליִען
דיך באַשירמען און באַפרייען.

ס׳ריטשען שטומפּיק זשאַווער-זעגן,
ווי אין סענקיק געהילץ,
אין מוח-שאַרבן.
פאַר די אויגן טאַנצן סוטהס דיר אַקעגן,
און פון זייערע געפּליקטע האָר
פאַרדרייען אַ שנור,
פאַרשלייפן דיין האַלדז.
ס׳ווערט ענג אין שלונג,
ס׳שטיקט צום שטאַרבן.
הערסטו רופן: הערש!
כאַפּסטו זיך אויף
אין שוויים
און מיט אַ זיפץ אַ טיפן
פאַרנעמסטו אַ שורזש —
אַ געשפּענסט פליגלט אַוועק.

טראַכסטו אַ געבונדענער אין שרעק:
ס׳מוז זיין די מזוזה פּסול.

כאָטש פאַרמאַכט מיטן שליסל איז טיר,
האָבן „יענע" שליטה,
שוועבן אריין און אַרוים.
און דו, שוטה, אין פחדנות־געפּריר
גלויבסט:
ס'איז אַן אָפּן הויז פאַר „יענע פלעדערמייז",
אונטערן פענצטער
ברעכט ווער די גאַל אַרוים.
אויף ראָסטיקע זאַוויסעס
סקריפּעט דער לאָדן
געוויגט פון אַ ווינט אַ גוסס.

## פויגל חשכה

אַ חשכה־פויגל —
די אויגן פאַרשטאָכן —
האָט מיט פלעדערדיק פאָכן
פון לעבער זיבן,
אפלה אַרויסגעטריבן,
אויסגעשלאָגן אין אַ בלינדער נאַכט.

ס׳פלעמלט אויף אַ ליכט
אין קלויסטער־תפלה.

גלחים זאָגן:
צו אַן עולם שפלה,
וועט דער מאָרגן לויטערן מיט זון־זריחה;
אַרויספּלִיען פון שכחה וועלן טויבן
מיט טלאָען פון קראָען
און שנאָבל שאַרפן,
שטראַלן פיקן און אַראָפּוואַרפן.
ווען מ׳וועט אין די גלעקער קלינגען,
וועלן נאָנעס די „זאַנגען"
מיט די ליכטיקע קערנער
אויפקלויבן
און אַנשטאָט אַ קרוין
פון שטעכלדיקע דערנער,
מיט אַן „אָרעאָל"
דעם נוצרי באַקראַנצן,
קנִיען פאַר זיין טריפנדיקער ווונד
פאַטשערן זיך אין בוזעם אַריין —
וועלטלעכע זינד
ער זאָל מכפּר זיין.

# ס׳ווייסן זקנים אין אָריענט

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

ס׳ווייסן זקנים אין אָריענט,
שכנים פון האָריזאָנט,
מיט חכמה אין פנים פאַרקאַרבט,
ווען ס׳איז די זון
ס׳ערשטע מאָל
פון די חושכן אַרויס
און מיט גאָלד־געמעל
דעם מזרח באַפאַרבט —
שאַקונדראַ.

דאָרט, דער סגי־נהור
מיט די בעלעמע־בליקן
באַשווערט דאָס גרויס ליכט,
וואָס שרפהט ביי טאָג
זיינע שווידער־שאָטנס פון אייביקער נאַכט,
אויף זיין בלינדן וועג אָפּצושרעקן.

דער יודע־הכול, א געגרייזטער גרוי
אין באַרכאַד־כאַלאַט
וואָס איז זיך יועץ־עצה מיט „איר",
פון די אונטער וואָלקנס אַפיר,
בלאָזט אוים א זייפנבלעזל
דורך איינגעטונקטער שטרוי
אין א פאַררויכעט טעפּל,
קוקט אַריין אין קאָליר
קעגן אָפּשיין פון זון
מיט פאַרלאָפענעם אויג,

ווי פון אַ נעפּל פֿאַרטרערט,
און זעט דעם מזל
פֿאַר דעם, ווען ס'איז באַשערט
גילגולים זיבן דורכצולעבן.

די, וואָס איבער די כמאַרעס טאָפּטשען ביי נאַכט,
הערן שטערן שעפּטשען,
זיך דערציילן,
ווי מיט פֿאַרבאָרגן ליכט
נשמות־קראַנקע אויסצוהיילן.

האָרך זיך צו, שאַקונדראַ,
מיט לבנה פּיבער
פֿאַרשרייב
און שיק מיר איבער
מיט פֿליִענדיקער פּאָסט.

כ'בין אַ שחורניק איינגעוויסט,
ביים ברעג פון ים,
ווי פון טונקל־טיפענישן אויסגעשפּיגן.
קוק און זע:
ביי אונדז די פונקען־שפּריצלעך
ווייט־הויכע שווייגן,
פֿאַרצאַנקען אין פּלאַם
דעם צייט־גאַז
פון פֿאַרפינצטערטן מעת־לעת.

אין רעיונות איינגעהימלט,
נאַכטלעך שפּעט,
דערפּיל איך זעל אויפדראַזשען
אַ שווער אַראָפּוואַזשען
פון דמיון־גראַוויטעט.

כ'זינק אַראָפּ, ווי אַ פאַרשאָלטן ליכט,
אַ גילגול־בליץ פון אַן „אַסטראַל־לאָמפּ",
אין אַ חושך־זומפּ.

פאַרשרייב די שטערן־סודות
אין די איינגעשושקעטע הויכן,
אינטים דערציילט, שכן צו שכן,
ווי אַזוי ס'ווערט נשמה
מיט געהיימען ליכט געהיילט.

מיינע איז חולה־מסכן,
טוט פון שכל־הישר ווייכן,
פאַרן שאָטן זיך שרעקן,
אין זיין פּנים ניט קוקן —
שאַקונדראַ.

## ס׳פּיצל קנויטל

ס׳פּיצל קנויטל אין קאַניצל
מיט אַ היילּיק בליצל
אין נשמה־הכל אָנגעצונדן,
אָנרויכנדיק חיות־שאָטנס
אויף די הושים־ווענט,
וואָס וויברירן אויף
מיט אַ רושם
און פֿאַרשווינדן.
ס׳זאַפּט מינוטן אין זיך איין
די רוחני־פֿאַרע פֿון טריפֿנדיקן בלוט,
ס׳ברענען זיך אויס
אָפּשנויץ־רגעס פֿון צייט
אין געהיימען פּלעמל
פֿון כביכול,
מיט אומזע־שטראַלן,
וואָס דרינגען דורך
מוחדיקן שכל
זין־געוועבן
לעבנס־געשפּין,
ציטער־טריל אין זעל.

דאָס עפּימירל־פֿייערל
פֿאַרצערט
דעם חיי־רוח סוד
ביזן לעצטן טראָפּן
אויפֿן לעמפּלדיקן דנאָ —

און ווי פון ערגעץ אַ בלאָז
אין דער גוסס־שעה,
לעשט זיך אויס
און פאַרפינצטערט גוף
אין אַן אָנסוף־שלאָף.

# אויספלוג

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

קאַיאָר
פון ניו־יאָרקס טומלדיקן פּאַרטויב,
פאַרנע נעפּל, אויפגעטראָגענעם שטויב.
מיט פאַרטשאַדעטן מוח
פון שטאָטישער זאָרג,
בין איך אַריבער דעם האָדסאָן־טייך,
אין אַ קרייץ־לויף־שיף
דורך די פּאַליסאַדן,
מיט אַ צדה־טאָרבע אָנגעלאָדן,
אַוועק צום „בערן־באַרג"
אין אַן אויספלוג,
אויסצולונגלען מיט טיפן דעך
דעם גאַז און רויך פון זיך —
שאַקונדראַ.

מיט אַ מידקייט אין די וויִעס
פון רויש, רעש, ריח און שימל,
ווי פון אַ דול־הויז
מיט וואַן־אומזין
פאַר די אויגן זיך יאָגן —
און פון צייטונגען צעשריגן —
בין איך אַוועק צו טבע־שוים
ווו גראָז, בלימל און ווילדיקער ווייץ,
זענען טויִק אָנגעטרונקען, ווינקען
מיט בריליאַנט־בליץ,
ווו פייגל טשירפּען איבער נעסט צעפלויגן,
וועווריקעס האָפּקען, שפּרינגען

אויף באַפּרוכפּערטע צווייגן,
לושטשען ניס פֿון שאָלעכצער אַרויס —
שאַקונדראַ.

אין ווייטן בענגאַל
איז מען מיט זון באַטאָגט,
געכישופֿט פֿון ליכט ביי נאַכט,
אַפֿילו די שטערן־מכשפֿה,
קאַלטענדיק צעשויבערט,
ווערט באַווירקט פֿון אָריאָן און אישטאַר
אין איר מזל־טרעפֿעכץ, ביי ניט גוטע געבאָרגט.
דאָרט קאַיאַר מיט אַ שפּרונג
איז צו דערלאַנגען די זון־קרוינונגען.
צייט מעלה־גירהט
נהרה־מינוטן אין לאַנגע רגעס אויסגעביטן.

אין געמאַרקן זיצן דערווישן קאַפּירן
אויף דער ערד,
און די בעלי־חוטא אויף גליַיִקע אַשן
מיט נאַקעטע קעפּ, איינגעהויקערט
וויזיענדיק אָנגעשיכורט,
ביי צעווייִרויכטע טעפּ
געווירצט צו די הימלען
מיט טשאַד גייסטער צו פֿאַרדרימלען —
שאַקונדראַ.

פֿאַרביק רייך מיט גלאַנץ
איז דאָס טאָגעניש דאָרט ביי אייך.

ניט פֿאַרשווענדט, ווי אין אַקסידענט
בײַ אונדז —
דעמאָניש דינאַמיש צעשווונגט
מיט אַ שווינדלדיקן גיך,
און פֿאַרשלינגט מענטשן־כּוח. —
קראַפֿט אײַנגעגופֿט,
ווערט אין מאַשין־שאַלאַשן אויסגעדראַשן —
שאַקונדראַ.

אין אַ טרוים צו רום
איז מען צעוויגט אויף שווערמער־שטריק,
מיט פּויסטן־גריף אײַנגעקלאַמערט,
פּולס אין האַלדז און אין שלעף צעהאַמערט,
מיט בלוטן־שטורעם אין האַרץ
אין שנעל־געלויף אַן אָפּשטעל,
ביז אַריבער די שאול — פּינצטער־שוועל
פֿון סוף.

בײַ אײַך דאָרט אין „אַ נירוואַנאַ“־לוינע
זיצן חכמים אַלטע,
אין זיך אָפּגעשלאָסן
און דימען,
ווערן פֿון געפֿליגעכץ צעביסן
אַן פּנים־צוג, אַן ווונק פֿון אויג,
אַ ניט צו זיך קומען —
מוח אין שאַרבן פֿאַרשטאַרבן.
בײַ אונדז דאָ,
וווּ מ׳איז גײַציק נאָך מינץ,

יאָגט מען אין אונטערערד־צוג
איבער הענגלבריק
צו מידאָס פאַרמעג
אייביק שווינדלנדיק פאַרן אויג
אָן האַפּט, אין דער לופט —
שאַקונדראַ...

פון ניו־יאָרק
מיט שטאָט־טשאַד און זאָרג,
שפּייז־טאַרבע אָנגעלאָדן,
בין איך אַוועק,
איבערן האָדסאָן־ברעג,
דורך די פּאַליסאַדן,
צום „בערן־באַרג"
אויסצולונגלען דעם גאָז און רויך
מיט טיפן דעך.

כ'בין אַוועק
מיט אַ נערוויש שפּליטערן
אין די שלעפן,
מיט אַ קאַלעמוטנעכץ אין די אויגן
פון ניט דערשלאָפן —
זיי אויסצולויטערן,
אין וואַלד, פעלד,
וווּ ווערוויקעס איבער צווייגן שפּרינגען,
וווּ פייגל אין די נעסטן זינגען,
וווּ גראָז, ווילד־ווייץ, בלימל און שוועמל,
איז טוייִק אָנגעשיכורט

מיט פייער־שפּיל פון זון,
ווו לופטל קיל ווינטלט אַן
אַ מנוחה־ברכה
און לאַשטשעט קיל
ס׳גנעמיט מיט סאַמעט־גלעט —
שאַקונדראַ.

## ראָזשיקאַ

פון ציקל פּאַשאַנאַדן

מאַדיאַר־מויד
מיט ווייבער־צויבער
און מזרח־תאווה
שטענדיק אָנגעהייצט.
דו וויין־לאַנד־קינד
מיט שוואַרצן שויבער
כישופדיק צעטאַנצט
אויף לאַנע גרינער
צו דער לבנה
פון וואָלקן שלייערן אַרויסגעבוירן.
טוסט פון די געפילן
הוילע זינד אַרויסהילן
שפּרינגענדיק פון הויט.

כ׳וואָלט ניט זוימען
אַ מינוט פאַרן טויט
צו דיר גענענען,
אין פלאַם זיך פאַרברענען,
וואָס זעצט און היצט
מיט ברויז און ברען
— ווי פון סוטהס צען
דו גלוסטונגס־שטורם
איןווירבלדיקן געשפין.

גערן כ׳בין
טויזנט מאָל
מיט צעגליטער זעל

זיך איבערגיסן
אין צעלויף פון דיין גוף,
פאַרזיגלען דאָס טייוּוליש לאַכל
מיט ברִיענדיקער ליפּ,
פּאַרפּלעכטן מיין פּרצוף אין די צעפּ,
ניט צו זען מיטן אויג
ס'שלאַנג-פּלעמל אין דיין בליק
אַקעגן דער לבֿנה אין הימל
אין איר שאַטנדיקן אָפּבלענץ
צעהאַפּקעט אין טאַנץ.
דו סענט-מאַרטאַן-דינסט,
פלייש-און-בלוט-געשפּענסט.

## די השקפה

כ׳קוק אריין
אין אַ נאַכט
מיט ביליאָנען־געפלעמל
אין הימל: —
טוט נפש־חי אַ פלאַטער,
ס׳האַרץ אַ ציטער,
ס׳ווערט אַ פורכט אַרויסגעדאַכט:
ווער האָט דעם חלל אויסגעהילט
די צייט צעוועבט,
דעם וויסטן תוהו אויסגעמאָסטן,
חושך אויסגעוועפט,
דאָס פייערדיקע באַשאַפן —
דעם ניצוץ־אלוהי אַרויסגערופן?

און ווער בין איך, עפּימירל־בריאה,
גורלדיק ראוי
צו האָבן מיטן רעיון פילמירט
— די קאָסמישע קאָנגלאָמעראַציע
און ניט ווערן פון זינען געריירט?
ווער בין איך, בשר־ודם,
וואָס בין מקדש השם
מיט דער השקפה
דעם גאַלאַקסישן צעוויג
באַמוח דעם צעעולמטן תוך
מיטן זין, ביז אַן עד־כאַן,
וווּ ס׳ווערט פאַרנעפּלט
דער ווייטערער אויג־קוק?

צעשראָקענע זעל פאַרשוויגענע,
רעיונות צעשריגענע,
פוסטער ווידערקול:
צווישן פיליקן ליכט צעוואַכט
ליגן איינגעטונקלט
די וועגן פון גאָט.
איינגעשאָטנט דער סוד
פון מיין צעוואָגלטן בלוט.

אין אַ נאַכט
מיט ביליאָנען געפלעמל אין הימל —
מוט די נשמה־תמימה אַ פלאַטער,
ס'האַרץ אַ ציטער —
ווערט אַ פורכט אַרויסגעדאַכט.

## אַרויס פון ערד־גדר

כ׳ווער געטראָגן אין נצח־געמאַך
אויף „אַסטראַל־ווינט״,
דורך בלענד־מאורות,
וויסטענישן און פאַרפרווירענע ספירות —
א רוחני־געשטאַלט,
אַן גוף און אַן טויט־באַגריף.
אַן עפּנס ליכט־שטראַל
איז נאָר אַ בלענץ־דורכלויף,
פאַר מיין ביליאָנען־יאָריקער זעל,
אַן אָמעגאַ־רגע שנעל דורכגעפינקלט.
פאַרויס פאַר מיר זיילט זיך
אַ הויה־יהוה־שיין,
און די פינצטער־שרעקן,
פון אומענדלעכן תהום.

כ׳טו גרייכן די גבורת־הבורא:
פייער־רויך אין חשכות נאָך,
אַ שווינדלדיק קנויליק־כדורן,
אין כאָאָס אַ וועג זיך אויסצורודערן —
און אַריין מיט פלאַם אין אוניווערז.

דער דמיון וואָגלט, פליגלט
אַריבער דער נאָכוועלט,
אין סודות אלוהי נאָך איינגעהילט,
ווו ס׳לופטערן זיך אין אויבערשטן שחת
די אָן־סוף כוחות,
הרס־כמאַרעס, נעפּל־כוואַליעס,
וואָס גורמדיק שטורמיק צעהויכן די ווייט,

תבלן די טיפקייט,
גריבלען אויס מיטן געוויטער
נאָך ווייטער דעם אָנעק־ברעג,
אומזע־זוים פון צעפלאַטערטן רוים.

ס׳טראָגט מיך די עליון־שיף
פון געדאַנק,
איבערן צעהימלטן רעאַלס,
ווו ס׳וואָלקענען זיך אייביק־צייטן
אין אַ שטויב אָן אויסגעבליטן
פון תמיד טאָג, וואָס ציט אַוועק
זיך אָפּצוזעצן אין די טויט־לעכער
פון די עבר־נעצן,
איבער דער אייביקער נישטיקייט
אויסגעשפּרייט.

אַז ס׳צאַנקט אויס אין מיינע אַרומפלי־שעהען
דאָס טעלעסטיאַלע ליכט,
לאָזט מיך פינצטערן אין פלינק־פלי־גאַנג,
לייכט אויף דאָס „נשמה־קנייטל״
אין נפש־קאַניצל פון אור־טאַטעס נאָך
אין קדמון־חושך בלינדן
פאַר דורות נאָך זיך אַ פלעמל־צאַפּלדיקס
ווי פון אַ יורש־שוועבעלע אָנגעצונדן.

אַ שימער־שומר־שיין
אין נעכטן אַריינצוטראַכטן,
בודק זיין די פאַרקוילטע פּוסטע אויסגעהוילטע

לאנג איינגעלאָשענע „פייער־שוויפּטשעס"
פון צייטיקע הרס־פּאַרעס
מיט אַ הייסן היסן אויסגעפּלאָסן.

ס׳סאַדזועט זיך אַראָפּ דאָס האַלעוועשקע־אַש
וואָס האָט אַ מאָל גלייִך צעצינדט,
צו דער השגחה אין אַ שריפה זיך אויסגעדינט.
ס׳קנוים־צויטל
מיט אַ צעציטער פון אור־פּעטער,
אין זעל אַריינגעטאַפּעט,
זייגט און זיפּט דעם זאַפט,
לאָזט נאָך זיך אַ רויך־סטעזשקע
אויפן וואָגל־וועג,
איבער די וועלט־בית־עולמס.
איבערגעברענט
און מיט איינגעגליווערטן ווינט,
ווי די פּלי־טריט פון כביכול,
לאָזן סמנים אין אָפּפאַל־אַש
שקיעהדיק־רויטן,
פון צייט מיט טויט פאַרקנעטן.

כמאַרעס מיט וויכערס דורכגעטריבן
האָבן אין זייער לשון
ווי מיט בלוט אין זיך איינגעשריבן,
אַ ניט שכחה
אין נצח לעד
די שטילע עלנטקייט פון גאָט.

איך, הערש לייבעלע, ווער געטראָגן
אויסער וועלט אַ רוחני־געשטאַלט,
צו אַ סגולה אין זיך אַ נשמה־פּתילה אָנגעצונדן
פון אַ יורש־שוועבעלע —
צו באַלייכטן מיינע דמיון־וועגן
ווען ס׳געטלעך ליכט וויל ניט שיינען
אַריבער די צוימען,
איינגעגעפּלט אין סוד.

## בונטע רויזן

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

פון מיין צעבליטן גאָרטן
מיט אַראָמאַ צעוועקט
בונטע רויזן כ׳האָב געפליקט
אין אַ דעמערנדיקן פאַרנאַכט;
ס׳משרת־יינגל אויפגעטריבן,
מיט פליגל אויסגעריכט
און געזאָגט:
פלי אַכמאַט, איבער לענדער זיבן,
דורך מדבר און וואַלדונגען גרינע,
צו הוד־מדינה אין אָריענט,
און ברענג צו מיין מויד מיט גרוס
אַ געשאַנק,
וואַרף פאַר אירע פיס שאַרמאַנט,
ס׳בינטל בלומען — פלאַם
פון זון־פאַרגאַנג,
און מיט וואָרט געהיט רעד:
„דאָס גאָלדן שמעטערל ערשט פון קוקון,
וואָס גאַרט צום שקיעה־ליכט,
איז פאַרפלאָנטערט אין געוועב פון אַ שפין,
פאַרמאַטערט מיט די עפּעמיראַל־פליגל ציטערט
צום וויטן שיין
פון סוף הימל און ערד.

„ביי מיין האַר די ריזל־זאַפטן ווערן פאַרצערט
פון תאווה־קנויט, וואָס ציט אַרויס
פון אינער־לאָמפּ מיטן ברען,
ס׳גליִקע רויטס,

דעם נפש־שנאַפּ פון חיות.
מיין האָר בענקט און פּלאַטערט,
וואָס ער וואָלט אָנגעשריבן —
האָט זיך אין רויזן־קאָליר אַריינגעקליבן.
לייען דו אַליין אַרויס פון בלענד
אין פּורפּל־רויט דעם סוד.
פּאַרנייג זיך עלעגאַנט,
און פלי פון עק־וועלט
איבער פינצטער באַרג און טאָל מיט שימל־פאַרב,
אָן זון, ווו ס'שלייכט זיך דורך
אין דזשונגל־וואַלד אויף שלענגל־שטעג
דער קאַראַוואַן,
מיט געווירץ אויף קעמל־האָרב
צו ווייטע שטעט מיט פעסטונג־שאַנצן
פאַר געקרוינטע פּרינצן".

זע, בלאָנדזשע ניט,
און קום פון שליחות־וועג צוריק.

יענע רויזן זענען שוין לאַנג פאַרוועלקט —
שאַקונדראַ.
אַז נישטאָ פון זייער שטויב קיין שפּור —
זאָגן עדות אַכמאַטס כוחות
פון יאָרן אויסגעמעלקט,
זיינע גראָע האָר,
ר'איז אַלט, ניט געגאָלט,
דרימלט און שלאָפט.
כ'דאַרף אים טאָרען, וועקן

אַ גאַנג צו שיקן —
שאַקונדראַ.

איך נאַר בין געשטראָפט.
מיינע בלוטן זענען הייסער,
ווי דאָס זידיק וואַסער,
וואָס ס׳שטויסט פון זיך אַרויס
ווי פון אַ כאָרכלדיקן האַלדז
דער צעשפּאָלטענער „כידראַ־פעלדז״
וואָס איז גאַליק ביטער,
און טרענקט אָן די צעוואַקסענע
מרור־בלעטער —
שאַקונדראַ.

מיינע בלוטן דאַמפן אַרויס
ווי דער בייזער אַשטאַ־גייזער
פון טיף־טיף זיין נעפּל־גאַז
אויף גרין בלאָעם גראָז
פון די „פּיפּין־בערג״,
ווו ס׳פּאַשען זיך אָקס, קי און שאָף.

מיין אינער־פלום איז רויטער
פון די טערנע טרויבן
באַגאָסן מיט שטראַלן ליכט,
אין הירמאַ־טאָל —
צו דערלובען מיט טערפקע זאַפט
פון שטן אַן אַלט האַרץ
דורשטיק איינגעשמאַכט פאַרבראָטן.

אַ מאָל איז געווען דער גלאַנץ פון דיין אויג
אין די הימל־פּריען
אין גלי־בלענץ אויסגעוואַשן,
היינט מסתם — אויסגעלאָשן.
קנייטש אין פּנים־הויט
בלאָ־אָדערדיקע זקנה־הענט,
דער רונד־רייץ פון גוף —
פון אַלע גלוסטונגען אויסגעברענט.
אַ סילועט מיט קוים פּולסנדיקן בלוט.

פֿאַר דיר איז צעוויזיעט אַ טרוים,
בענק־בליק טיף פֿאַרטראַכט,
אין הימלס פֿאַרנאַכט־פּלעמל,
מיט שוואַכן שיין ביים ראַנד־זוים
אין אַ ים טונקלעניש פֿאַרגיין —
שאַקונדראַ.

## דער למד־וואָוו

פון למד־וואָוו קרוע־בלוע,
וואָס האַלט אויף די זיילן פון דער וועלט
„בתורת־אַדוישעם״ —
אין אַ פּייערפלאַם איינגעהילט
איז זיין אָפּגעהיטע תפילה
עולה יפה
אין שכינה־זיו
זיך צו לייטערן.

ס׳גייט אויף
אין די פאַרנאַכטן
זיין להבות־הלב,
אַרויסגעדאַוונט אין חלל,
צום קדושת־אור־זשאַר.

דער למד־וואָוו
מיט אַ פייערל אין די אויגן
איז צום אייבערשטן גליל מתפלל,
אַז אָוונט־ווינטל טוט דאָס געבעט פאַרטראָגן
עק־וועלט —
ביים פונדאַמענט פון האָריזאָנט
איינצוהאַלטן
די עולם־זיילן —
ניט איינצופאַלן.

## אַ זאָגערײַ

האַר פֿון כל־עולמות,
צעיאָגטער איבער אין־סופֿיקע וועגן
אין איינגעפּוסטעטן הבל־חלל־גבול
פֿון אויסגעפֿורעמטן תּבֿל:
האָב צעריבן די כּמאַרעס געדיכטע
מיט פֿײַער און שוועבל מחבליש אָנגעלאָדן,
וואָס הענגען שווער־בלײַיִק אויבן, אָנגעקליבן,
דעם עולם־התחתון מבֿולדיק פֿאַרבאָדן,
אָדם זינדיקן
משחיתדיק אומצוברעננגען.

קוק אַראָפּ אויף דער צעקנודערטער ערד
פֿון אַרמלוס־קנעכט אַ צעלודערטע,
לוג און זע:
די בני־תּהום, טיוול־קינדער,
שליידערן אויף אַן „אַטאָם־שטורעם"
„אַ מיסל־פֿלוך"
אַ ראַקעט־שד" —
מיט פֿלאַם און רויך,
פֿאַרגוואַלטנדיק די הימלישע הייך
איינגעשושקעט שטיל.

האַר,
וואָס שלעפֿערסט איין די „קולות וברקים"
אין די מרחקים פֿון קאָסמישן רוים:
פֿאַרטראָג דורך פֿאַרהוילענע דרכים איבער די אבדון־שטחים
די פֿינצטער־שחקים גראָ־בלײַיִק־בלאָ
פֿון די „תּובֿל־קין"־וויסטענישן וואָס שוועבן

איבער דער „אור־זריחה" אונטער שטן־השגחה,
פון כליון־לייט מיט אורוגאַנישע בליץ־בייטשן געטריבן,
דראָענדיקע צו וואָגלען
מיט די מעשי־סדום
חושכדיק אָנגעשלאָגן ווילד געטראָגן
כהרף־עין,
זיך אויסצוהאָגלען.

האָב מיט כוח איינגעשפּאַנטן
און צעהוליעטע ווינטן
צעטריבן די שחת־וואָלקן.
זאָל דיין גרימצאָרן מיט צעבלאָזענע קעלטן
אין די מדבריות פון די תוכחה־וועלטן
אויף באַהאַלטענע אומקום־וועגן
אין אַ גיהנום־רעגן פאַרשאָלטענע זיי אויסמעלקן.

## נאַכט־חלומות

פון מיינע רעיונות
אין די תוהו־נעפּלען איינגעזונקענע,
גילגולן אַרויס אַרורות;
ווי פון אַ חושך־שיכט,
שפּרינגען אויף אומגעריכט
פון אונטער די מוח־קוליסן,
אין אומזע־שפּיגלען איינגעהויכט,
האַטענטאָטן שאָטנס רוחיש דורכגעפּרעסן —
אין יראה־רעפלעקסן אַרויסגעוואַקסן פון אַ טרוים,
און ווי אָפּגעבילדלט אויף די קויטיקע ווענט
פון אַ רויך־צעציטערטן
קאַניץ־פלאַם,
טאַנצנדיק
אויל־נאַפטיק צעברענט.

ס׳פלאַטערן־אויף זינד־זיִען
מיט צעשטופּלטע צרות,
מאַסקעס פאַרקרימטע,
וואָס פּחדן אַרויס אימות פון זיך,
פאַרפאָרכטיקן דעם בליק,
צעמימתן דאָס האַרץ
מיט אַנגסטיקע קלעפּ,
וואָס פאַרצאַפּלען דאָס בלוט.

ס׳ציִען זיך די רגעס
אַרויסגעשפּינט פון צענגערנדיקע מינוט
צוויט־ברעקל־אָפּשנויץ פון צייט.
פון הינטער די דמיון־פּלויטן פליגלען אַרויס

רעיונות — פֿאַרפּירטע זונות,
פֿאַרבילדלען די ווענט
מיט האָטענטאָטן־שאָטן,
פֿון קאַניץ־ליכט אױפֿגעמונטערט.
אַ מתים־שרעק
צעטאַנצט, ווי לילית, הוריות־פּאַליעס
פֿון דער נאַכט.

## דער בעל־חוטא רעדט

דער בעל־חוטא רעדט:
ווי איבער בערג און טאָל
אַ זאַווערוכעדיקער שנײ
ווינט־צעווינטערט אין אַ געהול,
איז אַ ווײַכערונג אַרויסגעוויסט,
פון מײַן האַרץ אײַנגעהאַסט אין ברוסט,
קוויליק־שוואַרץ.

קידער־ווידער חשכות־רוחות,
בײַז בלינד פון שטן־לאַנד,
ווי שטורעם־פײגל מיט צעפּעכערונג צעפלויגן —
סאַזשען אַן אַ פינצטערונג פאַר די אויגן.

ניט ווי פון אליהום כוס
שפּרודלדיק צעשפּילט
מיטן יין־המשומר
פול פינקלדיק אָנגעפולט —
נאָר ווי סם אויף די ליפּן
איז פאַר מיר דער געטראַנק.
מײַן פאַרשיכורטער געדאַנק
פון מוח־גרוב אַרויסגעטיפט
איז ווי „אַ בליזאַרד־שד" אַ פאַרשחורטער
מיט יסורים אָנגעזויפט.

וואָס קען פון מײַן מויל איצטער זיך טראָגן?
סײדן אַ ווונדיק־רוי זיפצנדיקער „אוי!"
איך אָדם־תם פאַרפלוכטער,
מיט געברום

ווי פון אַ ניט־דערקוילעטן אָקס,
אויף די פֿעדערשטע צוויי פֿאַרן שעכטער
מיט גאָטס־ברכה צו דער וועלט, —
אַ פֿאַרכאָרכלטער אין בלוט, מיט אַ גאָרגלעריי,
וואָס ניט קיין אויער הערט, און ניט אַן אויג ווערט.

## „נאָקטורנאָ"

פון דער געפלעדער־פליערין,
בלאַ־נאַכטלעכע צויבערין,
מיט היפּנאָז־שלייערן
און שטיל־שושקע ווינט,
ווערט נערוו־און־מוסקל אָפּגעשפּאַנט,
מוח — מיד, בלוט — אָפּגעלאָפן,
אויג — פאַרצויגן איינצושלאָפן,
געדאַנק — פאַרצאַנקט,
זעל — צעפלויגן,
שפּרייטנדיק שוועב־פליגל,
ווי חלום־פויגל.

די לבנה אין איר בלאַנדזשענדיקן געוואַנדל
דערלאַנגט אַראָפּ פון הימל
דורך אַ יריחה־שטראַל פון נעקטער־קוואַל
אַ געטראַנק אין אַ שווינדל־כוס
מיט אַ שלומער־גערוך פון בלימל און רויז.
אויף כישוף־סטרונע מיט בויגן־שטרייך
ציט אַ ווירטואָז פון אַ נאָקטורנאָ ארויס
אַ טיף־כמורנע שפּיל־געפיל,
ווי פון ווייטע וואָלקנס פאַרצויגטע,
צעוויגטע אין רוים...

מ׳ווערט פאַרלאָקט איינגעדעקט
אין דרימל־קאָץ —
אַ שוץ־איינהיל פאַר זעל און זינען,
מעסמעריש געוועבט,
פון ווענוס־שפּינען;

אַ זילבער־טרוים
אין אַ דורכזיכט־וואַל
אוים דינסטן פֿאָדעם
פֿון „אוראַנוס״־ליכט.

אַ־הו! שלאָף־עוף, צעפּעדערטע גראָ
אָנפּליִערן אין נעפּל־שלייערן
פֿון נאַכטלעכער רו,
איינצוויבערנדיק אָן אימה אין אַ תרדמה
אַלט און קינד
מיט שטערן־פּאַרלעש
פֿון אָנגעפּאָכעטן ווינט.

## געשפּענסטער־נאַכט

ס׳טומלען אויף מיט אַ געבריל
טומאַנען פון תחתון־מויל,
פאַרטונקלען די הימלען,
שפּענסטערן אַן נאַכט, פאַרחושכן ליכט.

ס׳ריטשעט אויף ס׳בלוט פון נשמה און גוף
אויף אַנגעהויפּטע שמות
פון יריעות צעפלאַקערט, אויפגעציטערט
אין אַ פייער־קרבן, אַ רויכיק שטאַרבן
געמקריבט אין אַ קטורת־טשאַד,
אויף במות פון קלאָג און שרעק: —
צום מולך־גאָט אויפצושרפהנען אַ פאַרטאָג.

איז ערגעץ דאָ אין אורגעמאַך פון אומקום
אַ ווילד־צעוואַך פון צאָרן־בליציקע דונערן —
שטנדיק פאַרברעך שטורעמדיק צו פאַרשטיינערן?

ס׳רויטס עסט זיך איין אין הימל־צעשיין,
וואָס באַפאַרבט דעם ים, טייך און זומפּן,
און איז זאַפּט פאַר די קנויטן
פון קאָסמישע לאָמפּן,
צו באַלייכטן דעם חללדיקן פינצטער־צעשווים.

וויפל שרפות דאַרף מען דעם ס״ם
אַ מעשר צוטראָגן,
גיהנום אין כל־עולמות אויפשלאָגן,
הייליקן מיט אַ שבח

דעם בייז-צערייצטן כוח,
וואָס בלוט און פלייש קויליקט אין אַש?

אַ ילוד־אשה אין תכריך־הלבשה,
געהילט אין אַ צעריסענעם טלית,
גייט איבערן אויבער־גלות,
מיט זיין נשפוך־דם
די אושפיזין אַרויסרופן
פון עדן־זריחה,
פאַרשלעפערט מיטן שם
אין אייביקער רו —
דעם אויפטו,
די גרויס-גבורה ווייזן
פון דער הייליקער השגחה.

פאַר וועלכן חטא טובלט זיך רוח אין בלוט?
וויפל איז דער שיעור
צו האָבן קינד און עופל פאַרשניטן
דעם לבנת-הספיר אויסצוקנעטן?
און ווען וועט געגוג שוין זיין
יגון־שכינה אין דער קרוין?
איז דאָ, פרעג איך, ערגעץ אָפגעשפּאַרט
אַזאַ הייליק וואָרט
וואָס מ׳טאָר אויף די ליפּן ניט ברענגען —
צו די הימלען שטאַמלען
אַרויסטאַפּען היים מיט כעס פון די לונגען,
פאַדערנדיק דין פאַר דעם ברען,

וואָס איז אין דער תוכחה ניטאָ —
פאַר דעם משחיתדיקן מחבל־רע?

ס'איז גאַל איינגעפּרעסטלט אין הארץ,
טעם פון סם.
אָטעם — קורץ.
פּחד־רויכעס פאַרכמאַרעווען דעם הייליקן קוק
די השקפה פאַרבלינדלט צו ווערן.
ס'טראָגט זיך איבער די עשר־ספירות
אַ נעפּל־פילדערדיקער וויכער,
מוות־אימות פון נשמות אין געפלוג,
איינצופינצטערן תוהו־לעכער,
פאַרגליווערן די שטערן.

די מעשי־סיני, אַ געשטאַלטונג אין אַ מדבּרדיקן „סנה"
ברענענדיק צעצאַרנט,
פינקלט אַרויס פון אונדזער אויג —
אַ שפּיזלדיקע שטעכונג.
צו מקטרג־זועלט אין שריפה —
אַ מכשפה אַ צעצלמטע,
מיט פאַלשער צונג
און גלאָקן־קלינג
אַרום קרייץ־געץ,
מיט מאמינים פאַרכטיק פרומע,
פאַרדרויטיקט טמא —
מאַדליען זיך און קניִען,
פרעפּלען ליגן פון די פסול־ביכער,

„האַלעלויען" גיך אַ גאָט־געבילעריי,
צו לעשן דעם חיה־רעה־פלאַם־געשריי
איינגעדיבוקטן אין זיך.

הימלישער שר —
וויפל וויין, מורא, געוואַלט,
אויף אַ פּרווו־שטיין
דאַרף מען האָבן איינגעריבן,
ס׳לעבן מיט אַ זיירע אַרויסברענגען
דיינס זאָל בלייבן געריייניקט ווי גאָלד?
מיט וויפל צער פון אויגן אויסגערונען,
דאַרף מען אָנפילן דעם אָן־מאָס־כּוס
אין אים טויט־קנויט אָנצינדן,
פינצטערנישן אויסצובריען,
וואָס ראַיען זיך נע־ונד
לעד עולם־ועד —
ס׳טעמנע וויסט פון געשפּענסטער־נאַכט,
ווי פון אַ שוידער־פּיסק אַרויסגעהויכט?

ס׳טומלען־אויף טומאַנען
מיט געבריל פון תחתון־מויל
פאַרטונקלען די הימלען, זענען עולה למעלה.
ס׳ריטשעט־אויף אין געברען
מיט רויכיק שטאַרבן אַ בלוטיקער קרבן.
ווי לאַנג דאַרפן מיר זיין ס׳צעפּאַקלט ליכט, מעכטיקער האַר,
פון עולמות די פינצטערניש אַרויסצויאָגן?

נאָגן פון פלאַקער דעם צער,
וואָס פרעסט ווי ראָסט,
זיין אויף קידוש־השם
דער רויער עד־לבֿ־השמים־פייער
אין אימה־אייביקן געפלאָם?

## באַלאָנען

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

כ׳האָב געלאָזט, ווי אַ קינד, צו דיר באַלאָנען פליִען
אין דרויסן פון מיין שוועל,
פילקאָלירטע, זעליש־העל אויספּרובירטע.

כ׳האָב געלאָזט מיטן מערב־ווינט באַלאָנען פליִען
פון ווי געגילדעטע וואָלקן ציִען
צעשטראַלטע פון דער זון,
וואָס אָט, אָט פאַרזינקט
איר איינגעזשמיקיטער פלאַם
אין פאַרנאַכטיקע פאַליעס פון ים.
שיין און שאָטן־געפעכט,
ווערט אין דעמער אַריינגערונען
באַלד ווערט לבנה זיך צעשיינען
מיט איר טויטן־ליכט. —
שאַקונדראַ.

אַ שוואַן אין אַ טונקל־טייל פון „אַסטראַל־טייך״,
פון מנחה־בליסק שוין אָפּגעקילט,
ציט צו פּאָר,
נאָך אין העלן פלאַקער איינגעהילט,
שווימט מיט בענקען, אָן יענערס שאָדן,
אויך אין ליכטיקס זיך אויסצובאָדן —
שאַקונדראַ.

רייך געווען בין איך אַ מאָל,
יונגער בעטלער,
אויף האָריזאָנטן־שניי דער שליטלער.

כ׳בין גרייט ווי דאָן,
איצט און ווענם ווען
אַוועקצושענקען
מיין זעל־אויסשטראַל
מיט אַלע פאַרבן פון דער זון,
פאַרבליטע אין דער טבע,
מאָלן, מאָלן, ליבע דיינע.

וואַרט איך, וואַרט,
שוין פילע יאָר,
אויף אַ תשובה.

געווענדט צו מזרח איז מיין בליק
און פון באַלאָנען קיין שפּור —
שיקסט קיין איינעם ניט צוריק
מיט אַ נשמה־פלאַטער —
שאַקונדראַ.

## כ׳וואַלט געוואָלט

מיטן זע־חוש
כישוף איך אין זיך איין
דעם בין־השמשותדיקן אײַנלעש
פון אײַנגעמנחהטן ליכט.

כ׳פֿאַרנעם מיטן זין־נערוו
דעם אָפּרוף פון ראַנגלדיקן פֿאַרגלי
צעבלענדלט אויף פֿלאַנצן־צווײַט —
אָנשנאָשקענדיק רויזן מיט שיכרות־ברי,
אַרויסהויכנדיק אַן אַראָמאַט
פון קנאָספּישער טוליפּ וויאָלעט און ראַפּאַלוויפּ,
קרימזענדיק צעבליט,
ווי אַ פלאַטער־בלום
מיט אײַנגעבליסקעטן סוד.

ס׳זיכרונט זיך מיר איין,
אין דעמער־ציטער פון צעוואָלקעטן גאָלד
דאָס סוף־וועלט הימל־ברעג בילד,
אַ שנייִיקע מויד,
ווי אַ סילף אין שלאָף,
אַרײַנגעבראַנדיקט אין אָוונט־רויט...

ס׳חתמעסט זיך אין מיר איין
ניט דערזאָגטער היראָגליף
צעשימערט אײַנגעגלימערט,
אור־לאַנג צעבענקטער ווונק,
אוראַריש אַרויסגעקאָסמאָסט
אין האָריזאָנט.

ווען כ׳וועל אַמאָל אַריבערוואַנדלען
(מיט דער מראה פֿאַרגלייזט)
דעם אימה־תּחום,
פֿון אויסגעלאָשענעם טרוים
און וועל גרייז־גראָ־בלינד
בראָדזשען אין די וויסטענישן,
וואָס חושכדיק פֿאַרשווינדלען
דעם מקאַבראַ־תּהום,
און אומזיכטיק איינגעכטיקן
זיך ווי ס׳איז איינגעשלעפּערט דער ווינט,
וואָלט איך געוואָלט:
אין פֿינצטער־עולם,
אַרויסבלענצלען אַ חלום
פֿון אַזאַ פֿאַרנאַכט,
וואָס זאָל פֿאַרהאַניען די פֿאַרבעלמעטע שרעק,
אַ פֿאַרגליווערטע אין זיך איינגעטראַכט,
ווי דורכגעזווערעמט איינגעקבֿרימט
איז דער אייביקער מעת־לעת, —
און דער בלינדער קראַט, שטשור פֿון טויט
גראַבלט אונטער זיך אַ הבל־לאָך,
אַן אַראַפּפֿאַל־הייל,
אַן אַ דנאַ, שטיל איינגעשושט,
ווי ס׳זוניקט, לבֿנהט און שטערנט זיך נישט.

כ׳וואָלט געוואָלט
די אויסגעהוילטע יענע וועלט
מיט דלד־אמות־מאָס
איינגעשטאָרבן,

זאָל זיך אויספאַרבן
מיטן בין־השמשות־ליכט
האָבנדיק זריחהדיק
אין מיר איינגעאיכט.
זאָל זיך צעוואַקסן דער נישטאָ
מיטן טכוירן־גערוך־דעך
איינגעאימהט פאַרשממהט,
געאייביקטער דויערן
אין אַ רוים מיט הימל־בלאָ,
פאַרשמינקט מיט פורפור־געגלאַנץ,
אַ גרונט מיט פלאַנץ און בלימל,
אויף צעווינטיקטעביימער
טשווישטשערדיקע פייגל
מיט צעפעכלטע פליגל.
ס'זאָל זיין מיר אַ שומר
אין נצחנדיקן אָוונט רויט
די הימלישע אָוונטמויד.

## כ'בין מוחל

**פונעם ציקל ר' איציקל בעל מגיה**

גיכער וואָלט איך די „שי-עולמות" פאַרקויפט,
געוואַלגערט זיך אַ לומפּ אין זומפּ
„מאַקעבונדיש" אָנגעזויפט
פון אַ שיכרותדיקער קרענק
וואָס פאַרחושכט דאָס אויג;
זיך טראָגן בבחינה-זונה
אין צוויט-טראַנטע-דראַכעס
מיט וואַקלענדיקן גאַנג
אין די חרוב-גאַסן,
אָפּגעדעקט צעכראַסטעט לייב (ביין און הויט)
די תם-פרומקייט אויף להכעיס;
זיין אַ מחשבה-זרה
פאַר די בני-תורה
פון לילית-תאווה איינגעביסן;
גיכער גילגולן אין אַ פאַרטריבענער צויג
צווישן געפּגרטע הינט,
אין אַ טכויר אויף קברות-חמור,
ווו ס'איז צעהודיעט דער ווינט,
זיין מיט מוילוווּרפן פאַרוואָרפן
נאָכן טויט;
ווירבלען ווי רוחות
אין תחתון-שטורעם, פון תוהו-עולם —
איידער געשיקט ווערן אויספירן
דאָס שליחות פון דער השגחה,
ניט האָבן די ברירה געבוירן זיין אַ בחיר-היצירה
און זעען

אַ פּלאַם-זאַווערוכע,
אַרומגעריטן און לעבן-פּאַרשניטן.
גיכער שרף-סם פון אַ פלאַש זשלאָקען,
זיך זינדיק דזשוויגען מיט געשוואָלענע פּים,
פון זשמעניעדיקע הענט
אוים די גחלי-אש-אייוון;
וואַרפן ס'קידוש-אַש אין די נאַכטיקע הימלען,
ס'שטערנדיקע מאַכן בלינד —
איידער ווי אַן אושפּיז פון די עתיקי יומין זיבן מאָל אויבן
כורעים-זיין פאַרן אלוהי-אלוהים
אין קודש-קדושים,
כי-טוב נאָכזאָגן,
זים לאַקריצן מיט אַ שמייכל
פון אַ טריפה חניפה, אַ נידריק געבויגענער אַראָפּ
מיט דער שכינה אויפן קאָפּ,
ווי מיט אַ כתר זיך וויגן.
כ'בין מוחל,
מוחל דעם פיין
און די מיר פינצטער-פאַרשוועכטע קרוין.

## חרטה

אַ דראַזשענדיקער ווי פון קעלט,
מיט די פייערן אין זיך אויסגעלאָשן
בין איך געלאָפן קויפן פאַר אַ גראָשן
ס׳ביסל כבוד אין דער וועלט.
נאָכן טויט די ווערט:
די טרערן־טראָפּנס,
דאָס ביסל אַשיקע לויב
אונטער פאַרשיטער ערד.
כ׳האָב זיך געבויגן.
געקליאַנעט, געקניט,
געזשעברעט מיט בעטנדיקע אויגן
אַ יפה־חניפה־וואָרט,
להבה שוה: —
אַ פּידקאָווע פון אַ פערד
אַ געפּגרטע,
אַ נאָכגעוויכט צו דער וואָג,
פון אוראַלטן צייט־געווערק
איינגעזשאַווערט —
פאַר מיינע שווערע טעג אויף באַרג
קוים מיט מי אַרויסגעזייגערטע
פאַראומערט אַוועקגעגעבן.

דער נדבה־שמייכל
איז איצט ווערט
דעם טשאַד און רויך, פון אַ טעפּל
אויף דרייפוס־אייזן איבערגעקערט —
ביים פייער־צעבלאָזן, ס׳אומפליים אין זיך צו שפּייזן —
ס׳ווערעמדיקע דרויב, וואָס שיכורט זיך אין איינגעווייד

ביז גאַל אריין, ווי פון אַ טערנע־טרויב, טערפּקע וויין,
צו פאַרביטערן דעם שׂכל.

אָן אַ וויזיע, ווי אַ צעפּיעסטשעט רוחל
האָט מיך גופא ביי דער האַנט געפירט
מומע־מוזע די מכשפה —
געוואָלט אַ מעטאַליק גליִען אין מיר אויסמינצן,
אַ דאָרן־בוש ברענענדיק פאַרפלאַנצן
אין די מרה־שחורה־שעהען.
געמיינט האָט זי, פאַרשנויפּלענדיק איר פּיסק,
ס׳קומט מיר אָנטאָן אַ קרוין מיט בריליאַנטן־בליסק
פאַר יעדן איידל־לידל פון זיך אַרויסגעוויינט.

איר האָט אויסגעדוכט: ס׳ווערן אין הימל ביי נאַכט
צעבלישטשעט די שטערן,
ווען איך זינג און צימבל אויף דער גיטאַר,
צום אויסלעש פון מעטעאָרן —
קומט מיר כבוד דערפאַר.
כ׳האָב חרטה: —
מוחל די פּרוטה אין בעטל־טיכל.

## היט מיך, האַר

זיי אַ שומר מיר
פאַר נבהל־פּה אויף פּאַפּיר.

זאָלן זיין די רייד פון הארץ אַרויסגעבריט,
ס'וואָרט — אַ פליקער־פונק
פון נשמה־אויוון אַרויסגעטיגלט
אין יעדע שורה רויט צעגליט.
מיטן חותם־אלוהים
איינגעזיגלט,
דער ציפּ, קלעם, און פלאַם
אין מיר שטורמיק אַריינגעטריבן,
מיט פּען אַלאַרמיק אַרויסגעשריבן.

זאָל זיין דער דאָרן־ברען סוד
אויף בלאַט
פון אַן איש־עפר
אין ספר
מיט וועלט־צער
אַריינגעפּייערט.

היט מיך, האַר, אויס
פון רכילות און שטות,
ווי פון אַ נאַר
מיט טיפּשות פלינק אויף דער צונג.
זאָל זיין מיין מלה במלה
תמימהדיק אַרויסגעוווּנטשט

אין כתב אַריינגעבענטשט —
אַ חי־ארוכות
מיט אַ קיום פון די דברי הנביאים
און תחינהדיק־פרום,
ווי פון שרה בת טובים.

## קאַסמישער שטויב

פון קאָסמישן שטויב,
צעווינטלטן זאָמען,
אוים וואָלקן־שאָלעכץ אַרויסגעגרויט,
וואָס כביכול האָט פאַרזייעט,
אין חלל השמים איינגעבלויט,
זענען מיט צעבושעוועטן אויפבריז
זונען אויסגעוואַקסן,
צעליכטיקן טבע מיט אש־להבה,
צעשוועבטע אויף תבל־אַקסן,
צעפינקלען זיין נאָמען
איבער דעם אָן־סופיקן אוניווערז —
פונקען־אוים פון זיך שטערן
אין חללם אייביקייט אַריינצודויערן.

די לבנה, צעוואַנדלט
אין דער טיפעניש פון באַגינען,
שווימט אַרום אין רקיע־ים.
מעטעאָרן, צעצינדלט,
ווערן אין תוהו אַריינגעפּלעמלט,
אַנטרינען אין חשכות פון נאַכט.
דעם ערב און אויפטאָגן,
אין מזרח און אין מערב,
האָט די השגחה
פאַרפורפורט מיט אַ גליִען פון דער זון־זריחה.
אַ ברען־זיגל איינגעשטעמפּלט,
אין קאַיאָר און אין שקיעה־זשאַר,
מיטן אל־עולמים־סוד פאַרהימלט,

איינגערעמלט האַריזאָנטיש טיף
אין מעת-לעת פון אייביקייט.

אַן אָפּבילד פון זיך האָט ער געטובלט אין פייער-בלוט,
אין אַ חלום-לשון צערעדט;
אַ ימי-ימים פלאַם צעשוויבלט,
איינגעוועלטיקט אין רוים,
מיט רויש-פלאַקערניש צעגליט,
לעולם-ועד.

## געוואַלט אין טויבער וועלט

זאָל געוואַלט אין טויבער וועלט
קיין מאָל ווערן איינגעשטילט.
צינד אָן אַ שייטערהויפן,
ביי נאַכט שפּעט, ווען מענטשן שלאָפן
און ביים צעפלאַקערטן פייער,
לייען אַרויס פון אַ יריעה דעם טרויער
פון דיין פאַרביטערטע הארץ
בעתן רויך־אויפשלאָג פון די גחלי־אש:
פון בלוט און פלייש בין איך,
מיט נשמה־ברי,
ניט אַ דומם־עץ אין געבלי,
אַ גרין צעבלעטערטער,
פון שטורעם צום מרום אַ צעוויטערטער.

ס׳איז ניטאָ אין מיר — שיר, אַ שבח אויסצוזינגען,
הלל זאָגן, קדוש שפּרינגען, אויף זינד־רייד על חטא זיך שלאָגן.
אין חלל איז מיין קלאָג צעטראָגן, ווי דאָס זומפּיקע קוואַקען
און פון קראָען דאָס קראַקען אין פליען, פאַרשאָלטן איבער מידבר־וועלטן.
ווען בין איך באַשווירן געוואָרן
אין עולם התחתון זיך יאָווען,
גאָטס נאָמען רימען,
השגחהס שליחות דורכפירן,
הייליק דערהויבן, דאָס גדלותדיקע לויבן,
דערנאָך אין אַן אויס־מות איינפירן, אָן אַ דין־טענה מיטן שונא?

כ׳האָב ברען און צעשטער פון די בני־אשמדאי זיך אָנגעזען,
ס׳בלוטיקט דאָס אויג.
מיט אויפרעג און אויפשטייג איך באַשווער:

לאָז געוואַלט אין וועלט פון וויסטן חורבן ניט ווערן איינגעשטילט.
אַן אָנדענק אין וואָלקן אַריינפאַרבן אַ גלי־בלענד
פון זונס אויף־ און אונטערגאַנג —
האַריזאָנטיש אויף אייביק איינגעברענט
די רציחה און דם־שפיכה
ביים אויפשפּראַץ פון טאָגליכט
און אין דער שקיעה פאַר נאַכט.

## מיין מאַמען

אין די טיפע עבר-שטראָמען
מוזן זיין איינגעיאָגט
יענע טעג,
וואָס דערמאָנען:
ווי אַ זעג,
געכריפּעט האָט דער אָטעם מיינער,
אין היץ-אימאַזשען איינגעוועבט,
איך, דיין „ציגיינער"
האָב אין צווישן-וועלט אַרומגעשוועבט.

אַ שרפהדיקע שלאַנג האָט דעם שלונג
געענגט,
אונטערן האַרץ וויסט געפּרעסט,
פיבערדיק איינגעקרענקט,
ווי פון אַ צעגליטן ציגל —
האָט דער טויטן-זיגל.

דער פאָטער מיינער
— האָט ניט אָפּגעלאָזט
מיט זיפצן-קלאָג
געשמאָלצן אין זיך דעם פראָסט,
און מיט תפילה-צוואַנג
געריסן מיך צוריק.

פאַר יציאת-נשמה,
איידער אין אימה,
איינגעהילט האָט מיך ס'שוואַרץ געשטאַלט.
פאַרן ווערן אָפּגעלעגערט,

קוים דורך ראיה־שפּאַלט
האָב איך געשענקט דיר אַ בליק,
געזען אין דיין קוק
אַ געבעט־גלעט
וואָס פאַרצעגערט
דעם פאַרצי פון מיתה־שטריק,
באַמערקט אַ טרער אויף דיין באַק
פאַרן אַראָפּפאַל,
און פּלוצים אָנגעהויבן פילן
אַ צאַפּל־ציפּ אין זעל
ווי פון גוססדיק פאַרצאַנקען
אויפגעטראָפן,
אַרוים פון מהומה
מיט נשימה און חיות אָנגעטרונקען.

ווען אויפגעכאַפּט זיך מאַט, מיד, נאַס,
מיט שווינדל אין קאָפּ פון טיפן שלאָפן,
האָסטו בלייך־בלאַס, אָן אויסגעצערטע,
מיט אַ תחינה אָן אַרויסגעטרערטע
פון מיר דעם שוויים געווישט,
און צום לעבן מיך געקושט,
מאַמע מיינע.

## „סמך־מם" קעגן עת־רצון

דער בעל־שם איז אריין אין דער אומקום־ספירה
מיט בן־אָדם־מורא
צעפלאָטערט, אויסגעציטערט בקול־רם
מיט גרויס יראה די שמות־הקדושים,
פון בן־דוד די חבלי־משיח אָפּגעבונדן,
און מיט רעש־רושם אים געטריבן:
וואָגל! איבער די רקיעס
אויסגעשטערנטע,
און העכער די, מיט פונקישן האָגל
צעצערנטע.

יאָג אין פונקענדיקן רעגן,
איבער וואָלקן־קריע,
ישועה ברענג:
שוין איז עובר־הזמן
אין עולם־התחתון ווערן גאָטס קינדער געשאָכטן.

ס'איז וויסט. יידן האָבן זיך אויסגעפּאַסט,
בלינד־געוויינט,
בטחון פאַרלוירן,
מיט זייער געשריי
ביי די מלכות־טויערן.

דו ליגסט אין יסורים — אָנגעצונדן —
זיך שטראָפסט און פאַרשלאָפסט.

אַלע נביאות האָבן זיך אויסגעלאָזט,
פון די, מיט קבלה־שפּרוכן און רמזים דיך אַרומצוזוכן.

ס'הויערט אַן אימת־מוות.
די שערי־טמאות —
זענען אָנגעברענט מיט זינד.
די שטעגן זענען פאַרוואקסן —
אין זיי שטויסן זיך די שטן־אָקסן,
גריזשען דאָס חמת־גראָז פון שנות־חיים.
טעג ברענען,
פלאַמען קומען אויף
עד לב השמים,
רויכעס האָבן זיך געזעצט,
וואָלקענעס — צעבליצט.

רייט איבערן שטורעם
אין דער אפלה פון ערפל־געדרענג,
היים צעשופרן די גאולה.
פון די לעצטע למד־וואָוו־זיילן אין דער וועלט
מיט קנאַפּ צומצומדיקער צאָל
פעלט גענוג,
און דו ווייגערסט, צעגערסט אין דיין פּלאָג,
אַן איינגעשווידערטער, צעפיבערטער,
חולה, מסוכן־קראַנק,
אין עולם־התוהודיקן פאַרזינק.
דער מקטרג מאַכט געוואַלט,
שעלט.

מ'וועט דיר נרות ניט אַקעגן טראָגן,
שבחים ניט נאָכזאָגן.

די שטחים זענען פֿאַרצווינטערט,
מיט ס״ם־נעצן פֿאַרפּלאָנטערט.

איינגעבלוטיקט איז די ערד.
וועלכער הייליקער כוח
איז דאָס דיר באַשערט
אַקעגן בייזן סטרא־אחרא־רוח אַרויסצוּווייזן?

אַזוי האָט דער בעל־שם
זיינס אָפּגעזאָגט פֿאַרן טויט.

אַלע גיהנומס האָבן זיך צעפֿייערט
מיט שטיקנדיקע ריחות,
און שטן פֿון שחת
האָט אויפֿגעשטעלט אַ משחיתדיקן פּלויט —
זיצט דאָרט דער בעל־גאולה און טרויערט.

## פידל־בויגן

שפּילט אוים צום מרום,
אויף מתרים פידל־בויגנס,
אין פאַר־אָוונט־שעהען,
מעלאָדיעס
אויסגעטאַנצטע
פון אימאַזש־מיידן — שנייִק אויסגעבאָדן.
אין שימער־וואָלקנס,
אָקעגן צעווונק פון זון־פאַרגאַנג.

וויאָלאַ׳ט אוים אויף סטרונע־ציטער
זעל־אויספלאַטער,
פון ריקוד־זיִען,
וואָס פאַרגליִען
איבערן אויבערפלאַך־שליאַך
אין גלאַנץ פון ראַזיקן אָפּשיין
אויספינקלענדיק,
איינטונקלענדיק,
ס׳גילדיקע אָפּזיין.

היפּנאָזירט אַרויס סאָנאָר־קלאַנג
מיט אַ צעשווונג לייכט
מאור־חדוהדיק גרינג,
וועגן די באַלערינאָס
אויף די הימל־בינעס
איינגעחלומט פאַר נאַכט
אין פורפור־ליכט.

שפּילט אַ נשימה אַרויס פון נשמה
צום אָפּטאָגן
און צום אויפלויכט פון לבנה און שטערן.

## ווי קרישנאַדאַט

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

ווי ביי אייך קרישנאַדאַט דער „חרטום־זקן״,
איז מיין שכן אַרויס אין מיטן שטאָט,
אין אַ כאַלאַט מיט אַ טורבאַן אַ הויכן,
אַ תפילה פון האַרץ פאַרבאַקן.
אַרויסשעפּטשענדיק מיט די ליפּן —
שאַקונדראַ.

ר׳איז אַרויס אין אַ ברייטן שפּאַן,
מיט אַ צעקעמטער באָרד שוואַרצלעך־גראָ,
צעשפּרייט די הענט —
צום פייער־זשאַר, אין דער מאָרגן־שעה,
מיט שחרית־רויט, אין וואָלקן איינגעגליט —
גאָטס ליכט צו שעפּן.

פון זיין וואַרעם־ברוסט
האָט דער הימל־בלענד אַ גלוסט
אַרויסגעמאָנט, ווי ביים אָדלער וואָס פליט פרי
פון נעסט, ווי אין אַ צויבער־טראַנס,
הויך צעשריגן צום קאַיאָרן־בלענד —
שאַקונדראַ.

דער זקן מיטן נביא־שטעקן
איז אַרויס אין אַ זיידענעם כאַלאַט,
מיט אַ טורבאַן אַ הויכן, אַקעגן אויפגייענדיקער זון,
צעשפּרייט מיט די הענט די הדרתדיקע באָרד —
חכמה טיילן מיט עצה־וואָרט
צום קיניג אין דער קרוין.

צו רשע־שר,
צו זיין בעל־יועץ אין מיניסטער־מיץ, צו הויף־נאַר,
צום חקרן, און צו אַלע עלצטע פון דער שטאָט.
ווייזן זיי, די שטאָל־פייגל, הויך מיט אַרויסגעזעצטן רויך,
אַ טויטן־קראַפט אין לופט,
מיט שטנס־זדון־זשום אויסצולאָדן דעם אַטאָם־פּלאַם;
זאָגן מוסר:
איידער שאַרפן שווערד —
אויסשמידן מעסער,
צו רעפּטלען ברויט
אָפּטרייבן הונגער־טויט;
און במקום אַ קראַ־מחבל מיט וויסטונג־פליגל אין רוים
זאָל אַ טויב אין שנאָבל שלום־צווייגל ברענגען,
און פייגל זאָלן זינגען, איבערטשוויטשערן דעם טרוים.

אַזוי פּלאַפּלט אַרוים מיין שכן אין אַ טורבאַן הויכן
חכמה־רייד צו אַ געזעמל לייט:
צום קיניג אין דער קרוין, רשע־שר,
צום בעל־יועץ אין שקאַרמוץ,
צום חקרן און צום הויף־נאַר, דעם מלכס לץ,
צו דער מלחמה להוט
אַלע עלצטע פון דער שטאָט —
שאַקונדראַ.

## שושנה

### צו א חלוצה

נאָך אַן אַרויסגעוואָלקנטער טרער
ווערט די ראיה פאַרשלאָגן מיט ליכט,
ס'האַרץ פון ברוסט-שייד —
פוסט און לער —
אויפגעריכט.

כ'בין גרייט און להוט אויף אַ מינוט
מיט גרויס הנאה
טאַנצנדיק פאַרבלענדן
ס'לעבן מיינס, ס'שלאַבריק גראָע,
אין נעפּל-יאָרן איינגעפרוירן
אין גלות-לאַכעס איינגעבונדן.

ס'פאַלן פון גוף די טרויער-שאָלן.
כ'פליגל-אויף אין אַ הללויה-ווינט
צו יידן — ירדן-לאַנד,
געבערגט און גענידריקט מיט טאָלן,
פון זוהר-באַגינען און שקיעהס באַמאָלן,
אַ פאַרפלעמלדיקע פרייד
פון אַ מאַראַנצנדיקן גאָלד.

כ'זע אַן אָפּגעקאָסעט פעלד,
מאָרגנדיק צעגליט,
מיט סנאָפּעס שטרוי
נאָכן שניט,
פון חלוצה-הענט נעכטן

אין גראָז־גאַרטלען פאַרפלאָכטן,
בריליאַנטיקן מיט טוי.

כ׳הער זשוקעס־צעברישטשעט
זשומען אוים אין זייער קיום
אַ לחיים
צו איר פּרי אויפקומען
מיט געבענטש אויף די ליפּן.

אויך איך,
צעתפילהט מיט שבת,
פול אָן מיט דעם צעבלענד מיין כוס
און מיטן שפּרודלדיקן שיין
קידוש איך אוים
ווי איבער וויין,
אַלע סידור־ברכות
צו דיינע יונגע כוחות —
שושנה.

## טרויער־פויגל

עוף פון צווייגן־נעסט
מיט בלעטער־שאָטן —
נאָך וועמען טרויערסטו ווּיסט,
אין גאָרטן צעבליט?

ניט שפּרינגסט טשוויטשערנדיק אַרום,
ניט זינגסט אויף צעוואַקסענעם בוים,
קומערסט־זומערסט צעבריט־איינגעמידט.

טריב אויפגעטאָרעט, אָנגעכמאָרעט,
אַוועק פליגלסט, שטום־שטיל,
פאַרן שאַריענדיקן אויפלויכט —
און פאַרוואָגלסט צוריק פאַר נאַכט,
ווען ס׳טשירפּעט די גריל
אַ געוויין נאָך דער אויסגעלאָשענער זון.

דרימלסט אָנגעבלאָזן,
ס׳ציטערן די פליגל.
האָט דיינע דיך פאַרלאָזן?
איז זי אַ געפאַנגענע אין אַ שטייגל,
פאַר אַן אָפענעם פענצטער,
ווו דו ביטערסט אוים דיין דופק־שלאָג
שוועבנדיק הין און צוריק?

פאַר וועמען פלאַטערט דיין האַרץ
אַ מייל אַ מינוט?
ציפּסט מיטן שנאָבל
ביזן בלוט

אַ פּעדערל שוואַרץ פֿון ברוסט,
ווי אַ קריעה־פֿליק
פֿון אַן אָבל,
נאָך אַ טויט־פֿאַרלוסט.

עוף צעטשובעט
מיט פּיין־גריזאָטע אין זיך
איינגעדזשובעט,
אין אומעט איינגעדימעט.

ווילסט ניט זען
מיטן פֿאַרשווימענעם קוק
דעם אויף־און אָפּגיין פֿון טאָג;
ווילסט ניט אויסשוויפּטשען
אַ פּישטשענדיקן פּייף
צו די שטראַלן, וואָס אין אָוונט־נעפּל
ווערן פֿאַרפּאַלן.
וואָגלסט, פֿליגלסט צו דער נעסט,
ווען די גריל טשירפּעט אָן אַ הפסקה
אַ געוויין נאָך דער אויסגעלאָשענער זון.

# ביז לעצטן טראָפּן

ביז לעצטן טראָפּן
טו אויסזופּן
פון אָנגעפּילטן האָרן־כּוס
און קום ווילד, שיכּור, בלוטיק צעזידט
פון צאָרן־געפלאַקער
מיט עופל אין אַ טראַנטע
אויפן שד־יאַריד
פון קיינעמס־לאַנד.

מיט גאַל־צעשריגן קול
און יללהדיק קינד
אויף דער האַנט
שטורעם דיך אויס מיט וואָלקאַנישן אויפברויז
צו די מיט נערוון אין שאַרבן אָפּגעשטאָרבן —
פאַרזיגלענדיק אין אַ טויטן־בוך
וויפל הריסה,
צעפלאַמטער רוח
פינקל־פונקענדיק צעשפּרונגען
קען אַראָפּהאָגלענדיק ברענגען.

שריי מיט דונער־ברי
פון אָנגעכמאַרעטן צאָרן.
אין דיין מאַרך־צעוועק
איז אַ שגעון־שרעק
וואָס פאַרוויסטלט דיר די יאָרן.

טרינק גיפט פון אָנגעפולטן כוס,
און מיט קינד צעווײנט אויף די הענט,
געוואַלדיק צו די וואָס דעם משחית־כוח
אין דער הייך
מיט פלאַקער פיגלעס האָבן צעברענט.

## אין חי־ימים

אין חי־ימים
ווי אין אַ צעפלאָסענעם טייך,
שפּיגלט זיך אָפּ זון־ליכט, לבנה־שיין,
הימל און שטערן ביי נאַכט:
ווו ס'טובלען זיך מיינע נשמה־עמאָציעס,
צעכוואַליעווען פאַרחלומטן זילבער און גאָלד
פון אויבערשטנס אויבן אַריינגעשפּילט.

פאַרן אות־החיים
וואָס פאַרפילמירט אין זיך איין יום־טוב,
ווי אַ חלום,
אין אַ קדושהדיקן פאַרהויך,
די מעשי־אלוהים,
בילדלעך אויפגענומען אין כל עולם־בוך
פון איינגערייסטעטער טבע —
פאַרגיי איך זיך
מיט צעפלאַטערטער חיבה
אין אַ קול־רינה
צו די שערי־שמים.

אַ געזאַנג צעיובלט, וואָס ווערט באַהאַפטן,
מיט אור־השכינה
אין אויפטאַג אַן אויסגערופטן,
פון פינצטער־תהומות, דממה־מקומות,
ציט די דמים־פעדעם
פון חיות אַרוים,
פאַרשווינדט בלענדיק איינגעהבלט
אין מערבדיקן פאַרגאַנג.

כ׳צי אָן די בין-השמשות-סטרונע,
פון דער צימבל-כלי,
שטעל אָן דעם טאָן
און באַגלייט מיין שיר-התפילה
וואָס פאַרקלינגט צו די מרומיות,
ווי דער טרעל
פון פויגל צום פאַראָוונטיקן בלענד אין וואַלד,
ווי פון גריל אין פעלד,
גראָז-שפּרינגער, היישעריק-זינגער,
שאָרש און ווינטל-רויש,
אין דער זאַנגיקער תבואה,
פון שקיעה באַלאַכטן —
ווי אַ צעדאַוונטע שריפה,
וואָס איז עולה-יפה.

כ׳זינג צום אש-השמש
וואָס פאַרגייט,
כ׳דערפיל זיך זעל-גרינג
און ס׳ווערט אויפגעלייזט
אין בין-השמשות-ליכט
די אפלה-חידה,
וואָס פלאַקערט אין גוף
פון די טיפענישן אַרויף,
און לעשט זיך אַריין
אין אָוונט-שיין
מיט הייסן גלוט
וואָס פאַרווינציקט זיך אין בלוט,
ווערט מיט יעדן דובר-אומר

איינגעמינערט,
אין פאַרפלעמלטן שימער
פון חי־ימים.

ס׳שפּיגלט זיך אין זיי אָפּ דורך מיין איך,
ווי אין אַ צעפּלאָסענעם טייך,
זון־ליכט,
לבנה־שיין,
הימל און שטערן ביי נאַכט,
ווי ס׳טובלען זיך מיינע נשמה־עמאָציעס,
צעכוואַליען קרייז־וויבראַציעס
אין פאַרחלומטן זילבער און גאָלד
פון אויבערשטנס אויבן,
אַריינגעשפּילט אין נהר־החיים־לויף,
פאַרפּילמירט יום־יום
אין אַ כישופדיקן פאַרהויך,
ווי אין אַ נעגאַטיוו,
די מעשי־אלוהים
באַרעכנט, איינגעצייכנט
אויף לעתיד־לבוא
אין כל־עולם־בוך
פון דרך הטבע.

## בשם — אַדוישעם

גייט אויף פון זעל־טראַנשייען,
הויכגעשרייען מיינע,
קעגן דער מיתה־משונה
איינגעהימלט —
אַ צעיאָגטע איבער דער ערד,
שטורעמדיק צעטומלט.

שטן־סוד צעדריבלט,
מיט מאַרטאַל־טשאַד
איינגעשוועבלט: —
אַ פייערדיקער כוח
צעפּאַקלט און ניצוצדיק צעברעקלט
גרייט אויפצורייסן אַ רוחות־רויך
און טויטן־פלוך.

פון זעל־טראַנשייען
לייזט זיך אויף ווייען מיינע,
אין אַ צינד־שטאָף־שטראָף
איבער דער ערד: —
זאָל בקול־קולות ווערן געהערט
ס׳בלוט צערעוועט רויט —
זיין צע׳שמע׳ט בשם אדוישעם,
איבער דעם דעמאָן,
אין אַ פּלי־טומאָן
זיך טראַגנדיק אין רוים.

גייט אויף, געשרייען,
— אין אַ צינד־שטאָף־שטראָף
אַ נשמהדיק אויסבריען
פון אַ פּאַראַיבל,
אויף די בעלי־המשחית
פאַר זייער גיהנומדיק באַשאַף
פון דעם צעשטער־מחבל,
האָבנדיק מיט אַ טייוול געיובל
זיך צעפּאַפּט
און אַ געיאָמער
אַרויסגעפּייפּט.

## געהאָפּט זיך טרעפן

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

אויסגעריסן ביזן קאָריען־וואָרץ
אילע גראָזן־ריטלעך,
מאָכיק שטעכיקע —
פון ווילד צעוואַקסן האַרץ;
פּחד־טריבן,
מורא־זשמורע,
פון די אויגן אויסגעריבן,
הענט אָפּגעגאָסן, געדאַוונט,
אין אַ לייוונט־ליילעך איבער רוק און לענד,
ווי אייער הייליקער דאָרט, מיט מחשבות באַשווערט —
בין איך אַרויס פון פינצטער־נעכטן,
אַוועק געטלעך פרום פון היים
אויף דעם פאַנטאַזמאַ־שטעג,
צו געפונען הימל־טעג
פון ערשט באַגינען דורכגעלאָכטן —
שאַקונדראַ.

געגאַנגען זוכן
ביים שטראַל־באַזוימטן אופק־ענד.
דעם לויטער־שטראָם
פון פעלדזיקע הויכן,
מיט די מקווה־טיפן
אין אַ זוניקן פלאָם
אָפּצוטובלען די נאַכט־איבלען
אין מיר חלומיש כימעריש איינגעשלאָפן.

פון מיין איינגעטונקלט הויז
אַן אָפּשיין־שויבן,
אין אַ שלומער פון אימה־ביימער,
מיט אַ שימערל אין קוק
זינגעווודיק געהויבן,
האָב איך געשפּאַנט,
אַ געריייניקטער פון זינד,
צו דער היים: —
ווו ס׳איז צעבליטער צוויט פון ליכט געגלעט.
מיט אַ שטיל געבעט צעליפּלט,
אַ טרער פון אויג אַרויסגענעפּלט
אַוועק פון די פאַנטאַזמאַגאָראַס־מוראס,
ווי פון אַ וואַלד אַ וויסטן, פּוסט פאַרלאָזטן,
מיט פויל־פּניאַקעס און רוחות־שטוקעס,
שאָטנס פאַרציטערטע, אַוועקגעפּלאַטערטע.
כ׳בין אַרויף צום פאַרטאָג, מיט אַ תּפילה־זאָג
און אַ טיפן האָפן:
דיך אויף שיין־גרענעץ צו טרעפן,
ווו אַמאָר אַ שטראַל,
פייל פון בויגן צילט,
אין סאַמע פּינטל פון דער וועלט —
שאַקונדראַ.

## מיראָלדי

**פון די פּאַשאַנאַדן**

די ראיה־פּייערלעך, ווייבלדיק פּאַרשייט,
וואָס שײַנען פון דײַן קוק אַרויס,
צינדן אין מיר אַ חיות־פרייד,
ס׳ווערט זעל צעוואַקסן —
מיראָלדי.

דאָס שקיעה־ליכט,
אין מײַנע אויגן, וואָס שפּיזלט זיך אין דײַן בליק,
איז דיר אַ מתנה צוריק —
זאָל עס בלײַבן אַ אָנדענק,
דײַן לעבן לאַנג,
ווען כ׳וועל מער ניט זײַן.
איבער מיר אַ טאַקסין־גרעזל וועט וויאַנען,
אַ ווילדער ליאַנען זיך צעפּלאַקסן.

פון די פּאַר־אָוונט־שטראַלן,
וואָס כ׳טו פון טײַך פּאַרן פּאַרלעשן אַרויספישן,
שפּין איך פאַר דיר אַ קרוין פון דעמער־ליכט.
וויל פירן דיך צו מײַן בליץ־פּאַלאַץ
אין טונקעלער נאַכט;
דורך חלום־סטעזשקעס, לבנה־געפּאַרבטע,
איבער בערגלעך גליק אָנגעהאָרבטע —
אין טוי־פּאַרטערטן
אוצר־גאָרטן,
ווו שטענגלדיקע בלומען
איבער שטעכלדיקע צוימען
מיט פּאַרבענקטן גלאַנץ
שטרעקן זיך צו אונדז.

ווילדע הושענאס, צעפליטערט מילדע,
פאַרזילבערן ווינטלדיק פרום,
מיין וועלקנדיקן טרוים.
לאָך ניט, וואָס דער רויזן־האָניק,
וואָס ס׳האָבן די אונטערטעניקע און ווידערשפּעניקע
בינען אין די פלאַנץ־קריגלעך געפונען,
איז לאַנג שוין אויסגערונען.

גלימצער ניט די ווייסע ציין אין פנים מיר אַריין —
ס׳אַ הארצן־שניט,
און טוט ווי,
ס׳פאַרצאַפּט דאָס בלוט —
מיראָלדי.

לאָז דיך פירן פון אַן אַלטן נאַר,
מיט גראָע האָר, פול וואַנזין —
אין זיין שקיעה־גאַנג
אויף זון־סטעזשקע
צום שימער־טאָל,
ווו אַמאָר שלאָפט.
און זעל מיט זעל ווערט באַהעפט —
פון גוף אויסגעטאָן —
אין אַ אלוהים־פּסאָלם פרום,
אַ יהי־אור־פלאַם.

שפּעט ניט אָפּ וואָס כ׳בין פאַרנאַרט,
אויסגעוועפּט, שכל אויסגעשעפּט,
אַ זקן, אויף דמיון־שטעקן

אָנגעשפּאַרט —
און דו אַזוי יונג.

דער נשמה-פונק,
פון מיין צעפּלעמלט אויג,
וואָס צעשפּריצט זיך אין דיין בליק,
זאָל שיינען נאָך מיר,
יאָר נאָך יאָר,
ווען כ׳וועל מער ניט זיין,
און פאַר דיר אַליין, עפּימירל,
בעת פאַרפלי-צייט צו יענער זייט,
אין דיין פאַרנאַכט, זיין ס׳פּערל-ליכט
אויף דער שמאָלער-גאַנג-בריק
ווען ס׳זע-פייערל,
קאַלעמוטנע פאַרוואַשן,
וועט זיין אין וואָלקנס אויסגעלאָשן.

לאָך ניט, וואָס טרעפסט אָן
אויף האַרבסט-ביימער
פון טרוימער,
נעכטיקע פייגל אַרומשפּרינגען, וואָס היסשפּייען
אומזין-ליטורגיעס אויסצווזינגען,
מיט אַ זעל-נאָכטריל
פון חלומות פאַרלאָפענע,
ניט איינגעשלאָפענע —
מיראָלדי.

## װעמען רופֿט די נאַכט?

װעמען רופֿט די נאַכט, װער איז ער
צו גײן איבער תּהום־בריקן
איר סוד צו אַנטפּלעקן?

ר'זעט: מעטעאָרן פֿאַלן,
דעם טײַך זיך פֿליעסטשען,
שטערן אין אים בלישטשען:
די בײמער־צװײַגן רױשיק זיך װיגן —
סעפּיר־דעך, מיט בלעטערדיקן שורך;
אין אינטריגע־װאָלקן
לבֿנה זיך הילן.

הערט טריט װאָס אין בלינדקײט שטעלט
אַ געהײם־געשטאַלט:
זיך שלײכט מיט ליכט,
װאָס פֿאַרפֿלעמלט אױג פֿײַכט־פֿאַרטרערט.

װעמענס בעזעם װינטלדיק קערט
אימהדיק שטיל,
װיטערונג צעפֿליגלט ראָד אין מיל?

ס'שרײַט װער אױף,
װילד פֿון אַ געצעלט,
האַרץ קלאַפּט,
ס'בלוט פֿאַרצאַפּט.

עמעצער אין פֿענצטער
ריכט אַף חצות,

פון אַן אייבערשטן גאָרן אַרויס,
הימלט זיך איין דורך די ברילן
אין די קאָסמישע אויסהוילן,
זוכט אין צעלאָכטענער הייך
אימאַזש פון משיח.

פון אַ פאַרלאָזטער חורבה
פליט אַרויס אַ פלעדערמויז
מיט אַ געוויכער-צוג,
ראַדיאָירט, נאָכשפּירט,
אַ ווייט צעפלאַטערטע פליג,
צעזשומעט ווי אַ האָרנעט-בין.

ווער איז דער, וואָס קאָלכט אין זיך די טונקלעניש אַריין –
באַרשט אין חשכות געטונקט?
אים דוכט:
ס'צעשרויפט אים די נאַכט
און כישופדיק רופט
זען דעם טייך זיך פליעסטשען,
אין אים שטערן בלישטשען.
די הינט בילן ווען מעטעאָרן פאַלן.
אַ סעפיר-דעך טוט ביימער-צווייגן רוישיק צעוויגן
מיט בלעטערדיק שורך.

## אַז איך וועל...

אַז איך וועל, באַגלייט פון געיאָמער,
ברוח־נשמה אָן געוויכט,
פאַרלאָזן די ערד אין אַ פינצטערער נאַכט,
אין די בלאָע הויכן זיך איינברעכן,
צום גלימער פון הייליקטום,
פון ווו זונען בליִען אויף,
וואָלקנס גליִען און צעגייען,
און ס׳פאַרבט זיך מיט פייער־טרויער
ס׳וועלט־געמיט, אין שכינה איינגערוט.

וועלן זיך נאָך מיר נאָכשלעפּן
די מעשי־סדום פון מעסער און שווערד,
מלחמה־מהומה, שפיכת־הדם
פון קין־צייט, ביז איצט מיר נאָכגעבליצט.

מיר וועט נאָכפליִען, ווי אַ בראַנדיקער פלוך,
דער רייסטער־בוך, מיט רויטן ציטער
פון פאַרשרפהטע טעג,
איינגעגלימערט מיט שרעק,
אַ כליפּ־געוויין איינגעמולכט מיט דער פען.

מיר וועלן נאָכסאָפּען רשעותדיקע עוונות.
די אימות פון די היראָשימאַס,
אַפגעסמאַליעטע.

מיר וועלן קוימענס נאָכרויכערן
אַ קדחתדיקע מענטשלעכע סאַזשע —
וויכערדיק צעטאַנט פון ווינט,

איבערגעברענט לעבן,
אין שווארץ־וואָלקנס נאָכשוועבן.

וואָס זאָל איך טאָן, מאַמע־זון,
אַז ס'אייביק אויג
מיט נהרהדיקן שיין
וועט שפּיזלען־דורך מיטן גוג־קוק
זיין משונה־ערד־ווערק
מיט אַ פינצטערער זאָרג?
ער האָט אויסגעקינצלט
אַ גלוסטונג אין מיר
מראה־עולם זיין: —
אריינחלומען מיט בלי־נפש־ברי
קין־היהדיקן חטא
אין דער אבדון־צעווייעטער צייט.

אַרויסגעלאָזט געוואָרן כ'בין אַן אומשולד־טויב
אין וועלט, ווײַס צעפליגלט,
און קום צוריק — אַ ראָב,
מיט אַלע חושכן אָפּגעשפּיגלט;
קער זיך אים פול שרעק,
וואָס קלעמט און פּלאָמט,
ווי אויף במות מיט תרעומות,
קעגן הייליק געשאַרפטן בליק —
פון אַדוישעם אלוהים.

## איינפינצטערונג

דער בין־השמשות,
פאַרטונקלעניש פון טאָג,
איז אַ דין־געשפּין אָן ממשות,
היל־שאָל פאַר דער שקיעה פון זון,
איינצושושן אין מערב־ברעג,
ס׳פאַרפינקלעניש אין פינצטערניש איינלעשן.

ס׳וואַנדל־ליכט
מיט איר שאָטן
היט ווי אַ נאַכט־קדשת ס׳גרויליקע רשעות
פון חושך־שרעטלעך, ניט געדאַכט,
פאַרביסן אויסגעלאָסן.
זייערע געדאַנקען־מחלה־טוכלע
פילמען זיך איין אין מוח
פון אַלט־געוואָרענע צעפּאָרענע לייט,
פאַרשנאָרכלטע אין שלאָף,
איינגעזונקענע טיף,
באַגאָסענע מיט שוויים;
מכשיפות מיט צעשויבערטע קעפּ
איינגעהויקערטע
איבער פאַרעדיקע טעפּ —
אַ זידיק קאָכעניש,
אַ קרייטעכץ־געמיש
פון טיפוס־מגפות,
צו באַשפּייזן
די צעלודערטע
טאָרטור־ריזן,
כימערעס־רעות,

הענגענדיקע אויף חלום-שטריק
אין אַ שרעק-וואָלקן
אונטערן באַלקן.

זיי פייניקן און באַשטאַרבן
מיט אימה די נשמה
שטיקעווען מיקראָ-געדאַנקען,
צעפליקטע, אַרויסגעוועקטע
אוים טיפער שכחה, פון אונטער-שאַרבן-סטריכע —
אַ וויזיע-געמיש מיט פחד-באַראַזש,
וואָס פאַרטושט און פאַרלעשט
יעדן פיבערנדיקן רויט
צאַנקענדיקן קנויט
אין מאַרך.

# ביים אַטלאַנטיק־ברעג

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

ביים אָקעאַן־ברעג פאַר טאָג,
זיצנדיק אויף אַ פעלזן־שטיין
זיפּ איך זשמעניעס זאַמד
דורכגעפּלאַמט
פון זון־אויפשיין —
שאַקונדראַ.

ווי איך ביים ים,
בענקסטו מסתּם
אין קדם־לאַנד;
פאַרברענגסט דיין צייט
אין אַן אַטלאַסענעם הילעם אָן שיך, ביים גאַנגעס־טייך,
ווו זנאַכערם און כּישוף־מאַכער־לייט
ס׳מזל מאָלן,
און פאַקירן
שלינגען פלאַם,
קוקן אויף האַנט,
זען שטריך־באַטייט,
און זאָגן צו גילדענע בערג
מיט האָזן, וויזלטירן און ראָז־גליק־גראָזן,
אין לאָנקעס אַרום וואַלד,
ווו פייגל אין רוים צעטרילט,
טשוויטשערן אוים אַ בענק־געזאַנג —
שאַקונדראַ.

אויף אַ פעלדזן־שטיין
מיט אור־סודות־איינקריץ
כ'זיץ,
קוק פאַרתמט, אַרויף,
פינגער־דורך ברילִיאַנטן־זאַמד,
און מיר דאַכט:
שײַנסט אַרויס אין וואָלקנדיקן ליכט
נשמהדיק אין מיר אײַנגעשפּיגלט.

קומסט אויף אין די ראַנד־קאָנטורן
אַן אימאַזש:
כאָטש פון דיסטאַנץ
אײַנשימערירן,
אין מײַן זכרון —
שאַקונדראַ.

## אין קיניגס געוויסן

אין קיניגס געוויסן,
דימענטיש קראַנק,
איז אַ גיפטיקע שלאַנג
איינגעביסן.

אין אַרומוואָרף אויפן געלעגער
קוקט ער אילע רגע משוגע
אויפן ראַדיאַ‏ִרטן זייגער.
ס'חשכות פון די פענצטער אין דרויסן
לעקן שדים-צינגער,
לאַכן, קייכן-אָן
מיט ווינט-געוואָי אַן אומרו.

זעצט זיך אויף בייז דער קייזער ריז
ווילד-צעטראָגן,
און יעדע פאַרלאָפענע שעה,
צעגריזשעט ווי פון מייז,
ציילט ער אויף די פינגער,
איז גוזר צו פאַרטרייבן
די קאָשמאַר-געשטאַלטן
אין די ווינקלען באַהאַלטן;
הייסט ליכט אָנצינדן,
און דעם סופר באַפעלט:
שרייב צו דער פירונג פון דער וועלט —
די לבנה אין הימל
זאָל פון די וואָלקנס אַרויס ווערן
און מאַמקען די שטערן.
צום געקרייציקטן אויפן סלופּ,

מיט די דערנער אויפן קאָפּ,
ביים אויפגיין פון זון
שענק איך מיין קרוין.

אַ צעפּיבערטער פון היץ
דערלאַנגט דער מושל
צום קאַמערדינער
דעם אוצר־שליסל
פון גאָלד איינגעציגלט
אין די קעלער־ווענט פון פּאַלאַץ,
מיט שלאָס און רוקער
פאַרריגלט;
טוט אויס דעם זיגלרינג
און זאָגט אָן שטרענג,
צעטיילן פאַר טאָג ס׳פאַרמעג
צו פינצטער פאַוויאַטינע
דלות־שפּינער,
זיצנדיקע אין קערקער־קינע.

## פאַר די „דברות אויפן באַרג״

ס׳האָט אַרויסגערעדט פייערדיק פון זיך,
דער שמד-משיח
אין לאַנד פון ירדן-טייך
מיט הארבן וואָרט א געבאָט:
„נאָך באַק-פּלעם,
שטעל אוים די צווייטע פּרום״
וועט דיין זעל אויף בלענדיקער שטול
זיין נאָענט צו גאָט
אין הימלישן קיניגרייך.

פאַר די דברים בטלים,
געדרשנט אויפן באַרג,
האָבן די ערלים,
דינער פון רוימישן געץ,
אים אויף קלאָץ גענאָגלט,
און מיט שפּאָט פון „גאָלגאָטע״ אַוועק.

דורות שפּעטער אין צייט-געטריב,
מיט מאַטערדיקן געוויסן
פעטער האַס און פאַרדראָס
אין דם-רע צעפלאָסן און איינגעבריט,
וואַרפנדיק אויף גלות-ייד דעם מאָרד-בלבול,
הערנדיק דעם גלח דערציילן, אַז אותו איש
„גאָטס-זון״ איז אין ווינטיקן רעש
צום הימל געפלויגן.
האָט געטאָן אים אַ מורא באַפאַלן
און זיין רשעות צו קילן
איז ער מיט רציחהדיקן ווומ

איבער די שילהויפן געלאָפן
ברודער-בלוט פאַרגיסן,
מיט כעסיק צערנען ביז צום פאַרסלינען
אויף שייטערס געברענט,
קדושים פאַרלענדט,
אין קוילן-לעש און אין אַש
הייליקן גייסט צו געפונען.

מאַדליעט זיך שטום מיט רויט איינגעשמירטע הענט
צום הייליקן לאַם
בעט כפּרה פאַר דער זינד
אויפן מלחמה-פעלד:
וואָס ר'האָט געטאָן קריגעריש פאַר-בית-עולמן
זעט מען אים פּחדניש צלמען.

## ספיקות

קוק אַריין מיטן פאַרזשמורעט אייגל
אין צויבער־שפּיגל
איינגעעבּרט רויט פאַרזשאַווערט
און זע דיין חלום־בלענד
מיט שאָטן־לעכער דורכגעבּרענט.

שפּינען וועבּן פון קבֿרות־מאָך
תּכריך־פעדעם,
אין דמיון־בוידעם
צו פאַרבּינדן גזמאות,
וואָס הויערן אין שכחה
אין מוח־חשכה.

קוק אַריין
אין כּישוף־שפּיגל
פון ספיקות פאַרזשאַווערט,
און זע דעם חלום קוים
אין זילבערניש זאַניאַדעט,
זע שרף־פייגל מיט נאָכצוג־עק
איבּער דיין שטרויענעם דאַך
אין צעשטורעמטער הייך
הוליען נאָך שטיקנדיקן רויך —
צעצונדענע שרעק;
זע די צייט פאַרפלוכט
אין געליישטן גלאָז,
וואָס לייעט דיר אויס איר מינוט
פאַרצאַפּט מיט בלוט.

## שענקט מיר ליכט

שענקט מיר אַן אָנגעצונדן ליכט
אין דער אָפּלדיקער שחורה
צו האַלטן אין די הענט,
באַשיצן פון ווינט,
און טרעטן אויף שיין־פּאַס קורצן
מיט אומרו אין האַרצן:
ניט צו זינקען אין די פינצטער־זומפּן
פון דער נאַכט
מיט צעכוואַליעטער מורא.

ס׳שלייכן זיך דורך מיט צאַנקענדיקן בליק
פיגורן הויקערדיק איינגעשרומפּן
אין מיין חושכדיקן שטעג,
רירן מיך אָן און פאַרשווינדן אַוועק,
אויפשרעקן די געהירן
ווו פחד איז איינגעדעכעט.

עמעץ געל ווי וואַקס,
איילט מיר נאָך אָן מינדסטן שאָרך,
ציילט מיט שפּאַט מיינע פאַרלוירענע טריט,
פליקט אוים ווי ווילדגעוויקס
און באַהאַלט אין פאַזוך,
מיינע זיבן דעקאַט יאָרן, ערדיש אָפּגעדרימלט,
פאַרוויאַנעט און איינגעשימלט.

צעשפּאַנט געשווינד
יאָגט עס און טראָגט מיך בייז, בלינד,

אויף דער סטעזשקע אַ פֿאַרטרעטע נאָס
פֿון אין טרויער אָפּגעגאַנגענעם פֿאַרויס.

ס׳שפּראָצט און בליצט אויף פֿון דער פֿויל־פֿייכטעניש
ווי אַ בלִיעניש פֿון בלימלעך און שוועמלעך
אַ גיפֿט־פֿלאַנץ־שריפֿט —
במעשה, פֿון די אין נאָכהענג־צויטן
צו די לאַנגע ווייטן דורכגעטרעטן —
אַ לעצט אויסהויכן־צייכן, דורך פֿונגוסן אין אויפֿטויכן,
מיט אַ בלענד, פֿאָספֿאָריש־צעשיינט.

שענקט מיר אַ ברענענדיק ליכט.
כ׳וועל באַשיצן מיט די הענט פֿונעם ווינט
ס׳זאָל ניט פֿאַרקאָפּטשען
בעתן דורכטאָפּטשען
די פֿינצטער־זומפּן פֿון דער נאַכט,
שפּאַנען וויַיט צום אויפֿטאָג,
אָפּטרעסלען ס׳שוואַרץ פֿון וועג,
ס׳בלינדעניש פֿון אויג,
איינבלענדן אין עק הייליק אָרט,
ווּ די אָבות רוען,
דאָרט ווּ די גילדענע וואָלקנס
אונטער די הימלען ציִען.

## זאַלב דאָס גאָלדענע קאַלב

זאַלב דאָס גאָלדענע קאַלב
און קני פאַר די קרבן־פּייערן,
וואָס ס'מקריבן די באַלוואַן־לייט,
פאַרפּעסטיקן די לופט מיט געפּרייפּלטע רייד: —
אָטעמדיק אַ טשאַד פאַרן משחית־גאָט.

ווי ס'ליגט פּגר באַגראָבן
פון מיין זון־רויז חלום,
אַרויפהיטשען הארבע קאָטשאַן־ריבן —
מיט פלאַקסענע בערד,
פאַרן פאַרחלושטן עולם
איינגעהושכט ניט דערנערט:
— זייער זאַפּטיקער סם־טעם, טערפּקע ביטער אויף גומען און צונג,
ברענט מיטן איינגעלאָשענעם פלאַם,
ווי פון איבערגעשימלטן פעפער־געטראַנק.

פון די אָפּגעזיגלטע מורא־שלעסער,
ס'וואָרט אַרויסגעשפּאַרט, אויף די ליפּן פון מויל,
איז גאַלוואַניזירט מיט גאַל
און שאַרף ווי דאָס באַטקע־מעסער מיט שטאָלן־בלענד,
ביים יאַטקע־יונג אין פאַרבלוטיקטע הענט,
וואָס טרייבערן בהמה־אָדערן.
שנייד איך דערמיט טריפה־שטיקער, פון די פרום־צלמדיקע שרעקער,
אין די פּריסטער־פלודערן, וואָס מיט הויל־שקר וועקן אַ נשמה־אימה־געשפּיר,
אַז דער תחתון איז צעברענט פאַר מיר,
און פאַרשווייגן די מאָרד־חטאים פון זייערע טויטאָן־רשעים.
ווערט דען געהיילט די האַרץ־ווונד?

מיסט-פליגן בלודנע זלידנע,
ראַיען זיך אַרום איר,
לאָזן אַריין אַ שפּיזלדיקן גיפט-געפריר,
וואָס בלאָטערט און יאַטערט.

גיי ווער אָן איוב-חכם,
און נעם אָן די פּלאָג מיט לויב פאַר ליב —
ליגט אָבער דער זאָג אויף ציטערנדיקער ליפּ
און ס׳געפינט זיך פאַרפינצטערטע זעל
פאַר דער גיהנום-שוועל
געפאַרבט — פייער-רויט
פון קרבן-בלוט.

כ׳וועל בידנעדיק גרייז-גראָ.
ס׳שרייט אַריין מיין ווילד געוויין
אין צעגליטער שעה
פון פאַרנאַכט,
ווו די שקיעהדיקע זונה
שיינט מיר אַריין אַ שטראַלן-שטיף אין פּרצוף.

גיי זינג איר אַ שבח-שיר,
בעת מ׳שיקט פלאַקער-טויבן
אַ מתנה אַרויף,
רויכנדיקע ראָבן,
מאַרס-פייגל פון שלום.
גרויל-גדלות-סטראַשידלעס
שרעקן דעם עולם
צעטראָגן און דערשלאָגן.

פאַרן גאָלדן קאַלב קני
ביי די פייערן פון עבודה-זרה
זאָלב די באַלוואַן-לייט
מיט אַ גאַל-אויל,
טראָג זיי אָקעגן דאָס כהונה-קלייד
און שטיי פאַר דער-חלום-פגירה
זיבן איילן איינגעגראָבן,
זאָג, הערסט ניט וואָרקען
אַ צעפלאַטערטע פריד-טויב,
נאָר דאָס געקראַ
פון אַ פלאַמענדיקער ראָב.

## אַ פייער־פלוך

וואַנזיניק באַזעלט
אַנטציקט,
אויפגערודערט —
ווערט אין וועלט
אַ פייער־פלוך
אַרויפגעשליידערט:
אַנשטאָט צו פאַרשטעקן די לעכער,
ווו ס׳גריזשעט די מויזיקע נויט,
פאַריאָגן קרענק־פּלאָג,
צעפּיבערניש פון טויט;
ליכט אין מוח האָבן געבראַכט —
אַ שלום־טויב פּאָר בלישטש־שויב פון עולם,
מיטן גליק־בלעטל מזל־צווייטל,
פון דעם בוים אין שנאָבל,
נאָכן בלוט־מבול, מלחמה־מהומה,
שרפהט מען אַרויף,
גיהנום־פייגל אין געוואָגל
מיט אַ רויך און אש־להבה־געטומל,
אונטערן הימל,
אַזוי פיל מינץ פאַרשווענדט
אויפן שטן־שפּיל.

מיט כאָאָס־דונערן צעקנאַלט,
צאָלנדיק אַ חבל־צינז
דעם משחית־שר
פון חשכות־וועלט,
ווערט אַרויפגעשיקט אין רוים
בליץ־שטיק־שרעק,

זיינע תהום-געמאַרקן צו באַווירקן —
אַ הרס-באָמבע
פֿינקטלעך געצילט,
מיט סם-המות-פֿלאַם.

## טאָרעאַדאָר

דער טאָרעאַדאָר, אַ געצלמטער פּרום,
אויף דער אָרענע צעפּעכלט רויט
אַקעגן צעווילדעטן שטיר,
אים אָנהייצן אַ העצקענדיקן אויפרייצן
מיט בוהײַיִשן ברום,
צו ווען דורסן, הערנערן אים.

דער טאָרעאַדאָר מיטן דאָלך
שווינדלנדיק געצילט,
האָט מיטן אָקסן־בלוט
די מאַסן־חיה געשטילט.

ווערט אַ הורא־געהילך,
העראָיִשער לויב
פאַרן קאַמף און טריִומף.
נאָר פון מײַן מויל זאָל
אַ בייזיקער פלוך
געשימפט זײַן דעם
מיטן צעווינטלטן טוך.

אין אים פעלשן זאָל זײַן ציגיינערישע מויד
קייען ר׳זאָל איר טריטלעכן שטויב
ביז עצטע רגע פאַרן טויט,
בעת גסיסה אין שפּיטאָל־פענצטער פאַרקוקט,
ווו ס׳איז קאַטויליש איינגעשויבט
אַ צעכראַסטעטער יויז
און די מאַטראָנע אין ווייסן שערץ
מאַכט ס׳האַלדז־בענדל אים לויז

ווערנדיק דערשטיקט,
פון געשוואָלענעם האַרץ —
פאַרן צעצאַפּלטן לעבן געריבטע
ביים ווילד-צעשטורעמטן שטיר,
אַ געפּגרטן פאַר זיינע פּיס
מיט חרטהדיקער טרער —
זיין זאָל אים דאָס אויסגיין שווער.

## דער טעאָזאָף זאָגט...

דער טעאָזאָף זאָגט:
פון אייביק בלינדע
פינצטערנישן, בתוך תהום־טיפן איינגעשלאָפן,
אין אור־בראשיתדיקן הינטערגרונט —
מיט מיין אומוויל אויף כביכולם באַפעל,
בין איך אַ בן־אָדם־געשטאַלט
אין וועלט־דרויסן געוואָרן אַרויסגעשטויסן,
אַן עופל אין אויפגעוואַלט,
אָפּגעבונדן פון נאָפּל מיט צעוועקטן צאַפּל,
מאת מוטער־בלוט אויסגעבריט.
צעוויינט, אין חי־חלום
אַריינגעטראָפן,
מיט צעשראָקענעם בליק זיך צוגעוווינט
צום אויפגעבלאָזענעם כל־עולם צעפלויגענעם ווייט
איינגעשושקעט מיט צייט.

קוק, כאַפּ אויף דעם אויסגעטראַכטן רוים
קאָסמיש באַלאַכטן,
פאַרפילמיר אין מוח־מארך אַ מיקראָ־בילד
טו איינאייגלען וועלט־געמעל מיטן ראיה־ליכט
אין דמיון איינגעדאַכט,
איבערצושפּיגלען אין זיך זוניקע מראה מיט אימה און יראה.

ווער בין איך דער אות־המופתים, תם־תמים,
סתם געקומען אין חלל גרוים אַן אוים?
גיי דורך וועג פון צעפּראַלטע טעג
אַן אַ קריק,

מיט מחשבות ניט באַנומען,
פֿאַרלאָפֿענע — ניכטער און באַזאָפֿענע.

איך, טרוקענער צעשראָקענער גולם,
מיט צעשאַרפֿטע חושים צערושמט
אין דער קאַרניוואַר-וועלט
ווילד-ווייטיק בלוטיק איינגעגרוילט —
וואָס פֿרווו איך זוכן, וואָס וויל איך דערגרייכן?
און אַז איך שטיי, ווי אין וואַלד-פֿעלד,
אַ צעגלאָצטער הירש,
וועלכער פֿילט אויף זיין צעצווייגטן האָרן
פֿון זון-ברען געוויטערטן אַן אויפֿגעציטערטן שטראַל;
און אַז ליכט צעוואַרעמט מיר די זעל,
זע די שטערן אין בלאָען בלויז
בלישטשען פֿרעמד צעפֿלאַמט,
פֿיל איך לעב און וועפּ זיך אוים
מיטן קוקן — וואָס בין איך מתקן?
ווער וועט שכר צאָלן פֿאַר דעם צער,
חושך־פֿלוך אין ברוסט איינגענעסט?
אַז ס׳וועט שיינען אויף מיר, ווי אויף הירשהאָרן די קרוין,
וועט זי זיך ניט לעשן,
פֿון טויט פֿאַרפֿרירן?
און אַז איך זאָל מיטטראָגן אין די אָפּל-איילן גרויסע,
אור-אָנהייב-מעשה — ווענמען וועל איך זי דערציילן?
וועלכער שחת-טייוול וועט זיך פֿון תמיד־שטויב,
אַרויסהייבן און גלייבן
דאָס אויספֿלאַפֿלען דעם הון-הדר, וואָס ראיה-אַפֿלען
האָבן איינגעזויגט,

אין רעיון אָפּגעצייכנט,
דעם שמערץ וואָס האָט זיך
מיטן בלוט אין האַרץ אַריינגערעכנט?

כ׳שטיי ווי דער מהר״ל־גולם באַרוישט,
אין חלום פאַרחושט, צעטומלט,
מיט אַ קאַנוואָלסן־ריס,
טראָג עבר־שווידער, ווי אין אַ קבר איינגעשימלט,
אַ צעפּוילטער מת.
וועלכער שטורעם, פון די געהירן־צעלן אויפגעטראָגן,
וועט זיך דערוועגן דאָס אַרויסצושלאָגן,
ס׳איינגעלודערטע האַסן — פון זכרון אַרויספּרעסן,
ווו די כימערעס שרעקן אַרויס אַ קאָשמאַר
פון צעווייטיקט איינגעקויטיקטע טעג?

כ׳בין געוואָרן אַרויסגעמוטערט פון פּינצטער־שלאָף
איינגעחומרט אין אַ גוף.
דער שכל,
וואָס איז מיט אָדם־פעדעם איינגעוואָרצלט אין מאַרך,
ציטערט פאַרביטערט דורך איבערדערמאָנטע שעהען,
אַרויסגעפּליקט פון בייזן וואָר,
אַ קרעאַטור אין שאַרבן, רויטפאַרביק אײַנגעשטאָרבן,
תחית־המתים־מט אויף.

כ׳בין אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון די גדרי־חשכות
דורך השגחהס ווילן אין דרויסן,
מיט אַ צעשראָקענעם בליק, וואָס קוקט צעוועקט
און פרעגט —

וואָס וועט זיין אין די פאַרלאָפענע יאָרן,
אַז ס׳וועט אויף מיר פאַלן,
ווי אויפן הירשהאָרן אַ שטראַל,
אַ ליכטקרוין פאַר דער זעל,
און איך וועל מיטן אייבערשטנס ווילן
דאָס מתקן זיין —
וועט זיך האָבן באַצאָלט, ניט האָבן פאַרפעלט דורכצוגעמיטן
די יסורים אין דער וועלט?

וואָס פאַרא געטלעכן שבח וועל איך לאָזן נאָך זיך?

# ראַוואַלדי

פון ציקל פּאַשאַנאַדן

ווי פּאָוסטמוס
גלוסט זופּן
אויפגעשוימטן איבערפלוס
אויפלויף-תאווה פון דיין גוף,
לאָזן מײַנע ליפּן
האָבן דעם פּאַשאַן אַרויסגעלאָשן,
וואָס בלענדט אַרויס פון דיין פּעמיניש לייב און לעבן
סיטרא סוטהש צעוואַרעמט
דלילהש אויסגעשטורעמט —
ראַוואַלדי.

מיט די שוואַרץ-פּאַקעלן בויערסטו מיך דורך,
ווילד-וועלפערין, יפה-רוח, וואָס צעיינגערסט מיך,
אויפהיצט מיין טריפה-בלוט,
ווי פון אַ שד,
מיט אַלע אברים אויפגעבריט.

די בראַטנדיקע זינד
לאָמיך האָבן איינגעמאָנט —
אַריינקושן
מיטן אָטעם וואָס ברענט
אַ שיכורדיק באַרוישן.
צעפלאַמען דאָס אש-אשה איינגעצויבערט
פון אורמאַמען
אַן אייביקע ירושה
אין דיין פלייש
וואָס מיט חטא מיין געמיט צעפיבערט.

חוהם נחש־סוד איז איינגעמעסמערט אין דיר, מויד,
ווייבער־רייץ אין אויגן־בליץ
וואָס ציט צו ווי אַ מאַגנעט די זעל־אָפּשנויצלעך
ווי פונקען־שפּריצלעך גליִיק צעגלימערט
אויפן חיות־אַמבוס אויסגעהאַמערט.
אַ לילית־שטן איז אין דיר פאַרקנעטן
וואָס מיניעט זיך און מאַניעט,
זע־אַפּלען ניט צעצניעהט,
מיט אַ זונה־פייערל איינשאַריעט.

ס׳כישופט אַרוים פון דיין פרויענשאַפט אין גוף אָן בושה
דורך צערייצטער אומקדושה־קראַפט
אַ להוט צעציטערניש אינטער דער הויט.
כ׳פיל, אַראָפּ פון זינען, זיך פאַרברענען אויף קויל,
פאַרשוואַרצן מיין זעל
מיט רויט־געחתמעטן בלוט,
פאַר דיר מעפיסטאָן זיך מיט מיין הימליש שוועבן
אין תחתון זיך האָבן איבערגעגעבן —
ראַוואַלדי!

## שפּיל אַרויס

ניט ווי אַ נגינה, נאָר מיט געקרימטער מינע
סקריפּע אַרויס אַ יאָמערדיקן געאייל,
מיטן סמיק־געקריץ, אויף צעטראָטשעטער פידל־סטרונע,
דעם יסורים־אָפּזאָץ פון אַ געטיפטן גרויל־אויסכליפּע,
שטויביק איינגעפּרעסן
אין די געפיל־וואָרצלען,
זשאַווערדיק איינגעביסן
מיט סם האַרבן אין די מוחישע נערוון.

פּרוּוו אַרויסדאַבּיווען דעם דינעם טרויער,
וואָס די געהירן כּאָוועז,
אין די קנייטשן און קאַרבן
פון צעפּיבערטן שאַרבן.

טו אַרויסשאָבן דעם סוד פון לעבן,
געהיימיש איינגעגראָבן
אין סאַמע פּינטל פון נשמה.

סאָנאָריר אַרויס
דורך טענער שטילע,
ס׳שמאַרציקע פלאַטערניש אין זיך
ס׳האַרציקע ציטערניש
נפשדיק אַרויסגעפלעמלט.

קריג אַרויס מיטן בויגן
פון די מיתרים ביז צום פּלאַצן אָנגעצויגן,
אַ טרויער־געשאַל, אויסגוס פון וווּנדיקער זעל,
אַ פאַרבאָרגענע מאַמע־נחמה, בקול־דממה

אין די בלומן פֿאַרבליבן,
מיט עגמית־נאָטן איינגעשריבן,
וואָס רייסט זיך זיפֿציק אַרויס
ביים אָנצינד פֿון די שטערן
געהערט צו ווערן.

## אַ צעפּייערטער סאַטעליט

אַ צעפּייערטער סאַטעליט,
ווי פון אַ קאָסמישן פּיסטויל אַ מעטעאָריט,
אין חושכדיקער וועלט אַרויפגעצילט
האָט אין תוהוקן הויל פון די ווייטע הויכן
פליִיק אָנגעטראָפן גאַזן-שטורעמס
פון געשוואָלענע טומאַנען אויסגערונען
אין אומזעעניש צו פאַרשווינדן,
באַגעגנט לבנות געשטאָרבענע און מיט ניי-לעבן דערוואָרבענע,
שטראַליקע אָנגעצונדן.

די שטערן-זעערס, זוכערס אין די הימלען
מיט קוק-שפּאַקטיוון, לויפן אַרום און זאָגן: —
ז'האָבן „אַ נאָוואַ" אויסגעפונען
אַרומשווימלען אַ פלאַמיקן צעשיינט.
קבלה-לייט אויפגעהאַלטן אין די מדרש-געצעלטן,
מיט אַ קרעכציקן געיויק — גלויבן גאָר,
ס'אַ גלימצערדיקע טרער אַרויסגעוויינט
פון כביכול-אויג
וואָס האָט יללה-פאַרנומען,
קלאָג פון וועלטן שוידערדיק אומגעקומען —
טראָפּקעט דער אַרויסטריף
בליץ-בלענדענדיק
צווישן די שטערן.

די מעשה מרכבה דינער,
זנאַכערס אין כישוף-הויבן,
וואָס טראַמפּלען אין די גען-טעמפּלען,
טרעסלען די ווײַרויך-שיסלען

פון קריפּל־קנאָכן,
שקראָפּל־ווייטיק אָפּצושפּרעכן,
דערקלערן, גלויבן, שווערן:
דאָס וואָרנט אַ פלאַם־גרימצעניש פון אַ בייזן גאָט,
דעם שאול־תחתון־מגיפה־שד
וואָס וויל מַקריבן מענטש
דעם אין ערד־קריכער,
ים־טיף־טויכער,
טוט אויסרוחן
אַ גיהנום־רויכנדיקן רעוואַנזש —
עולם־געשטאַלט פאַרפינצטערן
מיט הערשנדיקער חשכה
פון זיין זינקענדיקער מלוכה
ווו אין משופע־שפּאַלטן,
פאַרשאָלטן פון אַ קליפּה,
איז רשעותדיק און משחיתדיק זיין ווילן צעלהכעיסט.

# מיראָלדי

פון ציקל פּאַשאַנאַדן

מיראָלדי!
מיינע אויגן הענגען געפּאַנגען אויף דיין בליק
ווי דעם הונטס אויף זיין האַרס,
בעטלענדיק מיט ווייך פייכטן קוק
אַ גלעט צוריק.

אַ לאַכיק רוחל איז דיין תאווה־שמייכל
חדוהדיק געגרייט אויף קאָראַלן־ליפּ,
און שפּיגלט אָפּ אין מיִיל־ווינקל
אַ פינקל־טרוים פון אַ קאַליפּטוס־בלום,
באַלאַכטן פון דער זון.

ווי פאַרריהט אין אַ דרימל
איר זרע־קימל
רייצט די זשומענדיקע בין
צו שיכורן זיך מיטן נעקטאַר־אויספלום —
אַזוי צעהייצט דיין דופט־קראַפּט מיך,
צו זוכן גענוס,
זיך פאַרחושן מיט דיר, באַרוישן.

ביים הונט איז דאָ אַ ווידל, וואָס וויגט זעליק, אייליק,
איידל אוים
אַן אינטערטעניש צום באַלעבאָס,
דערגאַנצט מיט צונגיש לעקן —
מיט וואָס זאָל איך אויסדריקן
— די געטיפטע ליבשאַפט אין מיר צעשפּילט —

מיט די צוויי גלאָצערס, נאַריש גלאַנציקע בליצערס
אין תם־פּנים אַריינגעשטעלט?

דער טרויערער, גאַסן־משורר
וואָס טראַכט אַריין אין לבנה־ליכט,
מעג אין אויסגעצימבלט ליד
האָבן ביי נאַכט אַרומגעגאַנגען און אויסגעזוגגען
מיין עגמית אין האַרצן איינגעבריט.

זאָלן פאַרשאָלטענע קעץ,
פון מיר אַרויסגעדיבוקט,
וועגן שטערן ניט שיינען,
אַרום דיינע פענצטער וויינען.

אַ גרעל־לאַך זאָל אויפוועקן דיך
דערשפירן ס׳בלוט איינפרירן,
ניט לאָזן שלאָפן,
ווי דאָס פולסירנדיקע,
וואָס טוט טריפן אין מיר אַ צעשמאַרצטע
און באַאומרויִקט מיך —
מיראָלדי.

כאָטש שכנהדיק נאָענט —
זענען מיר מיילן־ווייט,
צעזעלט אָפּגעטיילט,
איינגעשעמט און ווי ברוגזדיק פרעמד.
כ׳בין ווי דער פויגל מראָ

אין וואַלד צעפּישטשעט,
וואָס ווערט ניט פון דער זי געלאַסטשעט —
לאָזט אים צו דער נעסט ניט צו.

ווי ס׳קאַפּעט דאָס בלינדע כלבישע
מאַנגרעל־אויג,
ווען ס׳זעט אַ פרעמדן זכר
ניזכען אַרום זיין צויג —
אַזוי מיין טרער, באַפּייכט מיין קוק
מיט אַ צער, פאַראימערט,
ווען כ׳זע דיך אין אַנדערע אָרעמס
איינגעקלאַמערט.

ס׳ווערט סמוטנע.
דו נאָענט נאָוויטנע
פון מיר הרחק אין וועלט־עק אָוועק —
ווי דאָס הימל־בלישטשערל
אין אַ חלום־דרימל,
וואָס שפּיגלט זיך אין שאַרל־פּערל־טייך,
כאַטש דערגרייך מיט האַנט,
דעם בלענץ־שפּיל
פון פיל ליכטיאָר דיסטאַנץ
אין חללדיקן אויסשפּרייט,
פאַרשפּינט מיט דער צייט —
מיראַלדי.

זאָלן פאַרשאָלטענע קעץ
פון מיר אַרויסגעדיבוקט,

מיט פאַרשייטן אויגן-בליץ
ווען שטערן ניט שיינען,
אַרום דיינע פענצטער וויינען.
אַ שרעק-לאַך זאָל אויפוועקן דיך
און ניט לאָזן שלאָפן
ווי דאָס צערייצטע
אין מיין לייב-נעגלי —
מיראָלדי.

## דער נשמה־קנויט

דער נשמה־קנויט אַנגעצונדן
זייגענדיק דעם נפש־זאַפּט
וואָס אור־דורות פּריִער
האָבן אין זייער תּאווה־ברען
אַריינגעטריפֿט אין מיר,
נאָגט אויס פֿון חיות־בלינדן
אַ צעצאַפּלטן אויפֿשיין
פֿון אימאַזשן
אַרויסגעדאַמפּטע היים.

ס׳ליכטיקט זיך אויס
אַ פֿאַנטאָם־וועלט
מיט מיראַזשן
פֿון דמיון־קלומפּער
אַרויסגעקניפּלט
אַנדרוגינוסדיק צעמפּלט.

פֿאַר מיין ראיה
בילדלט זיך אַ זון־שקיעה
מיט שטראַל־צויטן,
צעבליסקעט פֿון ווייטן,
מאַכט בענקען דאָס בלוט,
וואָס טוט בגילופֿין אַרומלויפֿן,
צעפֿינקלט
אין דעם ירושה־גלות
ביז לעצטער שימער פֿון ליכט
אין מיין פֿאַרנאַכט
וועט אין מוראַ־טונקלעניש

וואָס זיך לעשט
האָבן איינגעאַשט
אין דרימל-שלאָף פון סוף,
אין אָן חלום-עולם,
ווו מיתה-שאָטנס הויערן
בתוך אַ שווערער פינצטערניש
איינגעפרוירן —
מיט פאַרזיגלטע זיפצן
אויף די קאַלטע לעפצן
איינגעגליווערט.

## מילאַ־מיילאַ

טרינק, מילאַ־מיילאַ
אוים די זשמעניעס הוילע
פון מיינע הענט.
דער קוואַל פון שפּאַלט אין שטיין
וואָס שלאָגט צעבלענדט
פון ערד־שוים אַרויס
איז קיל, געלויטערט ריין,
און דערקוויקט.

קיין קוואַרט פאַרן שפּרודלדיקן מים־חיים אָנצושעפּן
איז אין סאַקווע־זאַק נישטאָ.
די אומצאָלן ברואָים־סמוטנע,
וואָס האָבן געמוזט פאַר אונדז מיד
שטעלן זייערע באַשערטע טריט,
אין אָפּטאָג אויפן „מיאזמא־וועג",
האָבן אפילו אַ טשערב־כּלי ניט געלאָזט —
אַ צייכן, אַז ווען געווען.

דיינע לעפצן, פאַרטריקנטע פון בין־השמשות־היץ, באַנעץ,
לעש דעם דורשט וואָס ברענט,
פאַרצערט דאָס בלוט וואָס פאַרזידט.
דאָס וואַסערל, וואָס שפּאַרט אַרויס פון פעלדז,
וואַשט דעם האַלדז, דערפרישט די צונג.
ס'איז נאָך ווייט דער גאַנג
באַרוועס צו שפּאַנען אַ מקום געפינען
פון אַ מנחהדיקער רו,
ווו די אָנוואָלקנדיקע הימלען זענען אזוריש־בלאָ.

באַד אין אָנגאָס דיינע הייס פאַרשטויבטע פּיס,
ווי איך — מיינע.
מ׳פּילט ס׳לעבן ריזלען,
מילאַ־מיילאַ.
דו ווייסט — ביסט אַ זיווג פון פאַרצייטן,
מיך צו באַגלייטן —
צוזאַמען הויזן, דורך דערנער און בלומען שפּרייזן
צום אָפּגאַנג פון דער זון.
וואָס קוקסטו פאַרביטערט,
קרימסט דיין מויל צעציטערט?
ס׳צעגייט די נשמה אין דיר.
זיך גליקלעכסט ניט,
ווי דו האָסט פאַרפריער
דעם טרויס זיך פירגעשטעלט,
דאָס שוויפּטשערל אויפן בויס, וואָס טרילט —
טראַכסטו מיט האַרצן־שניט —
טשוויטשערט אַ געווין־נאַכטאָן,
צו די ווייטע הימל־פאַרבן,
וואָס וועלן אָט באַלד אָפּשטאַרבן,
אַ געבענק־תפילה
צום שיין פון כישוף־אָרט,
ווו מיר וועלן ניט דערגיין.

ס׳איז אונדזער מזל אַהין
צעזעלט, נאַר אַריינגעשפּילט
אין פאַרנאַכטלעך שקיעהדיקן קאָן
פון דער ווייטנס
מיט פאַרפייכטן בליק צו זען.

טרינק מילאַ-מיילאַ
אוים די זשמעניעס הוילע
פון מיינע הענט.
דער קוואַל פון שפּאַלט אין שטיין,
וואָס שלאָגט צעבלענדט
פון ערד-שוים אַרוים,
איז געלויטערט ריין
און דערקוויקט.

## העך אויף וואָגלען...

העך אויף וואָגלען אין פאַרלאָזטע וועגן
מיט פאַרזשאַווערטע גלייזן פון אויסגעפּאַרענע באַנען,
און לאָז זיך פליִען דורך כמאַרע-שיכטן,
העכער ווי די אַסטראָנאַטן,
איבער פאַרלוירענע פּלאַנעטן
אין נעפּלען געפרוירענע;
ווער געטראָגן אין די רוים-הוילן,
ווי קאָסמישע פלאַם-מהבלים
גרוים-פלאַקער-וואָלקנס ציִען,
איבער די שממות פון תהומות,
נאָך פון גאַר אור-פוסטן באַגינען,
שווינדלען אַרום,
ווי צעהוזשעטע קאָמעטן
אין צעגיהנומטע טאָלן,
בעת דאָרט הויערן „ארמילוס-טכוירן"
מיט זייער אָוועך-געְרוך —
אַ שטיקנדיקער ריח
וואָס פאַרנודיעט און פאַרטשאַדעט די געדאַנקען.
טראָג זיך בדמיון אַרויס צום אויפגעגילדעטן אפק,
פון דיינע ספק-פינצטערנישן,
ווי פון טייוואָלים אַרויסגעסאַפּעטע,
פאַררויכנדיק אין דיין טבע
אַ זינד-מחשבה.
אין דיר, גלויביקער אָבער, אַ פונק צעגליט,
ווערט אָפּטער פון קלאַפּטערדיקן טיף אַרויפגעבריט,
פילסט ווי דער שוואַרץ-ווילדער-אָדלער
וואָס פליגלט מיט ווינט-בלאָז, פון חשכות אַרוים,

צום אויפקומענדיקן ראַנד־געבלענד פון קאַיאַר אור
אין די אומרו־הויבן
סוף־ווייטעניש דערגרייכן.

די אָרור־בינען גייסטערהאַפט אין ערפל
דעם מרור־זאַפט געפונען
אין די טומאַן־זוימען פון מאַרך —
זייגן מיט שפּיזל־שטאָך
דעם אויסגעציטערטן צווייפל.

אַ רוחישער טרוים יאָגט דיך אַרום
אין איינגעשימלטער גראָ;
זוכסט קדמון־אויפשפּראָץ, ערשטן ניצוץ,
ערגעץ ווו אַן איינגעהימלטער, מיט שכינה־שטראַל צעפינקלט.

טו אַריינשוועבן אין תוך פון לעבן,
מיט ליכט און פינצטערניש,
אַ בילד פון דער וועלט,
וואָס פאַרוועבט אין ווייט־אייביקייט אַ שאָטנדיקן חשד
און פאַרטונקלט אין נשמה מיט אימה
דעם בראשית־ברא יסוד.

# מיראָלדי

פון ציקל פּאַשאָגאַדן

מיט דיין אַרויסגעפריידטן בליק
בענטשסטו אַריין אַ ליכט אין מיר
צעהעלט,
וואָס צעברענט אַ קדושה
אין נשמה־בלוט,
צעהייצט אַ תהילימדיקן שיר —
מיראָלדי.

אין פלאַם־פלאַקער פון ליד,
אויסן האַרץ אַרויסגעבריט,
שפּיר איך זיך הויך דערהויבן,
ווי דער קיניג־בעטלער
מיט זון־קרוין אויפן קאָפּ
אַריינגעשיינט דורך הקדש־שויבן.

פון דיינע אויגנס בלישטש און לאַשטש
דערפיל איך ס'גלייכגעוויכט
אין זיך אויפגעוואַכט,
צו גיין צום אָנטאָג אויף שטראַלן־שטריק,
מיט גיטאַר אין די הענט,
און ווי דער שנאָרער־שׂר
אויף סטרונע־בלענד,
פון שאַריענדיקן אָפּשיין,
אַריינצימבלען אין קאַיאָר
אַן אַמאָר־געזאַנג
אַ להבהדיקן
פאַר זיין געשאַנק

דעם באַגין אַקעגן צו טראָגן
אויף וואַגשאָל צו לייגן
מיט גינגאָלד צו וועגן.

כ׳מזמור אויף גיטאַר,
חוה-קינד,
צעפּיבערט מיטן ציטער
פון די הענט,
פון מיר דאָס אַרויסגעוואָרעמטע
צו דיר,
מיראָלדי.

## טויט־שטן...

פון אבדון־גאָרטן,
אין טונקלעניש איינגעשאָטנט,
וויטערט זיך,
צעדראָזשעט דורך די מגפה־גאַס,
דער טויטן־שׂר, מיט רוח־דעך
און בלישטש־צעגלאָצטע אויגן,
ווי פון אַ הונגעריקן שטשור
דין־דאַר,
זיך אַרויסגעגריזשעט
אויס אַ תחתונדיקן לאָך.

מיט ס׳קעלעט־פינגער,
איינגעבויגן,
טײַטלט אויף אַ פענצטער שוואַרץ,
פאַרחושכט ווי פון אַ תפיסה,
מיט אַ מסוכן־חולה
זיך צאַפּלענדיק אין גסיסה.

ס׳שווידערט דורך
דער טויטן־שטן —
צײַן־ווילצעס צעקריצט,
מיט טויזנט אויגן אויסגעגלאָצט,
די סריחה־פּעסט און חשכה־וויסט פון גאַס
זיפּט ער אויס.
אויף אומקום־שליאַך
לאָזט ער איבער
אַ יגון־בראָך,
אָפּלדיק בלינד,
צעשוויפּטשעט פון ווינט.

## מיינע דונערדיקע רייד

מיינע צעהיצטע רייד, ניט געשווינטע,
דונערדיקע, פון נשמה אַרויסגעבליצטע,
זאָלן דעם ברויז פון ים אויפשטורעמען,
ווינטן צעוויינטע אויספורעמען.
מיט צעהייצטן אַרויסדעך
די רוימען דערוואַרעמען.
צעזידטע — פאַרפאַרבן
ס׳האָריזאָנטאַלע אויפקומען און פאַרפלאַמען,
פרי און פאַרנאַכטיקע דעמער־צייטן,
אין די בייטן
פון זייערע וואָלקנס צעגליטע,
זיך איינקאַרבן.

פאַרוואָער זיך ניט צינדן
אין פייער־ווינדן,
זיך איינברענען אין די זונען,
וואָס פלאַקערן,
און רוים מיט שיין פאַרשיכּורן?

מיינע דבורים ניט אין אַ לויב־ליד —
פון נפש און לייב
אַרויסגעבריט,
זאָלן אַריין אין קאָסמאָס־שטויב
אילע פאַרפאַלן דורכשטראַלן,
און ווי פון פּרושים שמות קדושים
שטעלן זיך אויף די כביכול־שוועלן
מיט מיין איינגעבויערן געוויין
פאַרן אויסגעבלוטיקטן דאַזיין,

ווי דאָס איינגעהימלטע ליכט
אַריינשרפֿהן אין די טעג און אין די נעכט.

פֿאַרוואָער נאָכן שטאַרבן
זיך אַריינהאַרבן
אין טויטן־פֿלאַטער
בלינד און ביטער?

איז דאָס זינד
וואָס כ׳האָב אילע חושכן
אין זיך איינגעברענט?
קומען זיי אַרוים
דורך אויפֿגערעגטע, ניט דערוועגטע,
רייד געפּלאָגטע־אַרויסגעזאָגטע.

## ביים פּוס פון „טשאָרני־גאָר“

מיט אַ צעשיינט געזיכט
און אַ פּאָרע פון מויל אַרויסגעהויכט,
ביים פּוס פון „טשאָרני־גאָר“,
שעפּטשע איך אָן אַרויסגעגליט געבעט
צום אויפגעשטראַל
איינגעבלישטשעט אין וואַסערפּאַל
דער מבול־גוס פון פעלדז־אָפּרים
וואָס צעוועקט קאַיאָר.

ביי נאַכט אין געצעלט אויף,
זיך וואַלגערנדיק אָן שלאָף,
בין איך אַראָפּ פון געלעגער
מיטן האַרטן היי־קישן,
די אויגן אויסגעוואַשן
פון דער סיטרא־טומאה,
און דורכן פענצטער,
אין ווייטעניש
פון איינגעהימלט ליכט,
מיין בענקשאַפט געזוכט.

כ׳בין אַרוים אין דער פינצטער
פיר אויפן זייגער
אַרויסגעפּעכלט די אימה
און פּחד וואָס צעהאַרעווען די נערוון
מיט רעיונות וואָס יאָגן
איינע די אַנדערע איבערצושלאָגן
און פאַרכמאַרעווען אַ זדראָך אין מוח.

כ׳בין געשטאַנען איינגעחלומט
ביז באַגינען
און אַוועק צום פרי־אויפבליק
טאָג־אויפריכט
איבערן טשאָרני־גאָר
כלהוך השור —
און מיט לב־רמה
געבענטשט דאָס ליכט,
דעם פרי־אויפשטראַל
אָפּגעבלישטשעט אין וואַסערפאַל,
מבול־גוס פון הויך־אָפּרים,
וואָס צעוועקט דעם קאַיאָר
און באַרוישט די נשמה.

## בתולות, בהלה־עולות

בתולות, בהלה־עולות!
צו אייך קומט אויף מיין כליפּ אין קול
אַ געבריל מיט גאַל
אַרויסגעקרעכצט,
פון הארץ פאַרקלעמט —
איבערגעשלוכצט,
פאַר די ליכט צעפלאַמט־יזכורדיקע —
אויף אייער טויט, מיט רויכנדיקן קנויט,
צאַנקיק־ניסקערדיקע אין מיין שטוב...

מיר דוכט, כ׳זע אין נאַכט־סומאַטאָכע, ביים עמק־הבכא,
גליי־זשוקעס אין אויפבליץ־הפסקות
פליגלענדיק אַרום אייער בערגיקן קבר־גרוב —
אַן אַנדענק־בלענץ אין צעמראַזשעטער חשכה
צו דערמאָנען אונדז
די אבלה צענעפּלט איבער אייך
ווי נאָך אַן אויסגעכליאַפּעטן וואַלקנברוך.

אַ קללה־שוידער מיט שטומפּן געאַמפּער
ליגט בלוטיק פאַרצאַפּט
אין מיין פּולסידיקן קלומפּער,
ווי פון בייזן לודער
איינגעקניפּט
מיט אַ ניט אויסגעיאָכצטן אוי!

די טראָפּנס טוי
אין אויפגעשפּראָצטן גראָז,
גרינע און ברוינע,

אויף אײַער ערדיקן אָנהאָרב,
ווען דער נעפּל־טרעט אָפּ
שײַנען קעגן לבנה
מיט צעפּאָספּאָרטן פּאַרדרוס
פון אַ האַס אײַנגעגליט.

זאָל דאָס אָרט זײַן דאָרט אַרום פּינצטער־וואַלד,
אַ פּינקל־פעלד
פאַרן קברות־וועכטער פון לעבן מיד,
וויסט דערשלאָגן,
וואָס קלאָגט צעטראָגן,
האַלדז פאַרצויגן מיט אַ כריפּ,
הייבנדיק די אויגן צו די שטערן,
מיט אַ ברומיק יעמערלעך געוויין
פאַרן אל חי־וקים בשמים צו דערהערן.

## ראַזבון

ווי פון נבלה קרעציק, די פעל אָפּגעשינדטע,
סרחהדיקער פויל־געררויך —
ווי אַ צעסאַפּעטער פּגר־ווינט
פון אַ געל־שקציק־זומפּיקן שאול־טייך —
טראָגט זיך דער עיפוש־ריח
פון דעם ראַזבון
מולך־זון.

מיין פאַרגיפטיקטע שנאה
צו די וואָס האָבן הויך פאַרריסן,
צעגעטשקעט אים אין די גאַסן,
און אין די בגדי־כהנה
פון אַן אימה געהאָניעט,
פאַר אים זיך געקליאַנעט.

לאָז מען מיר פאַרגינען,
וואָס ווי אין אַ גליִענדיקן רייער
צערייזלט אין אָדער מיין בלוט,
טוט אין שוימיקן כעס
זיך אין האַרץ צערינען,
ביז מיין לעצטן פאַרכליפּ
אויף בלאָ־בלאָטערדיקער ציטערדיקער ליפּ.

זאָל זיך מיין מענטאַל־גיפט
זיך איינסמען מיט אַ טויטלעכן האַפט,
אין די,
וואָס אין זייער יעדן גליד
ווי פון גיהנום־ים
פליסט מערדער־דם.

## כ׳וואָלט געקענט פרעגן

כ׳וואָלט געקענט פרעגן:
זענען ניט באַוואַקסן
מיט קראָפּעווע־גראָזן
די הייליקע וועגן,
ווּ צדיקים זענען געגאַנגען,
סטעזשקעס פאַרלאָזן, ווינטיק פאַרבלאָזן —
און ס׳הויערן דאָרט עקדיש און שלאַנגען?

אין חז״ל־ספרים ווערט געלערנט:
ס׳זענען די הימלען
וואָס די אָבות באַוווינען
שכינהדיק אויסגעשטערנט,
הערט מען גאָר זאָגן:
דאָרט יאָרצייטן פלעמלען
עצבות אָנגעטראָגן
פאַרוואָלקענען די פלוינען.

אין די הרי־חושך פון עמק הבכא מיט איינגעגעסטלטע ילְלות,
ווּ די אָדלערס ניט דערציִען,
איז פון הפכה די פלוך־מכשפה שטורעמדיק אָנגעפלויגן
אין אַ זאַווערוכע נעפלדיק פאַרצויגן,
אירע קללות אויסצובריִען.

זאָגט: —
הילכיקט פאַרדעכטיקט ניט אויף,
פאַרשאָלטן מיט פאַרברעך,
אַן אַנגסטיקער רוח פון אינפערנאָ־זשאַר,
אויס ברענענדיקן טייך, דער מעפיסטאָ־שר

מיטן „סמך־מם״ נאָמען,
אָן אויפגעוועקטער פון אַ בייזוויליקן שלאָף?
שפּראָצן ניט אויף אין מדבר פון זיינע פּאַרזייעטע זאָמען
שרפנדיקע עפּר־פּעפּערדיקע לילית־בלומען?

ס׳זדראָכען זיך אָפּל־טעג,
ווו שדים־קעץ
מיט בליץ־בליקן
באַלייכטן פינצטער־וועג:
די סיטרא־אחרא־טרובאַדורן
מיט גיטאַרן
זינגען הללויה־שבחים
און ס׳שופרן אויף אבדון־האָרן
תוהו־מלאכים
פון תאומים —
דעם אחרית הימים.

## ווער פירט אונדז?

ווער אין צעריסן העמד, אָפּגעשליסן,
פירט אונדז, אַ האַלעבורדע ניט געאייניקט
באָרוועס, פֿאַרפּייניקט,
אויף קרישטאָלענעם זאַמד, אַריבערן האָריזאָנט,
אַ צעגליטן —
צום אָפּגעהיטן שימער־לאַנד,
ווו צווישן גאָלד־געפלאַקסן
באָקסערן וואַקסן,
מיט האָניק־זיסקייט אַ ביסל,
און זקנים־ברואים
וואָס האָבן זיך ניט פֿאַרעגלט,
טראָגן דעם שליסל
פֿון אור־החיים
אייביק צעשפּיגלט
אין לוסטער־שיין פֿון זון?

חלות געפלאָכטענע,
אויפֿן עץ־המשומר בלִיִען,
און גן־עדן־פֿייגל פּלִיִען,
צום עת־לבוא, דורך לאַנג־שכחהשע משיחישע וועגן,
ווו די בנות־חוה,
טראָגן בלומען אַקעגן.

ווער ווי אַ האָלעדריגע
אין צעריסן העמד,
מיט אַ סוק־שטעקן אין האַנט
פירט אונדז, דור־הפלגה־טרוימער
איבער קרישטאָלענעם מדבר־זאַמד,

צום שימער־לאַנד,
ווו באַקסערן וואַקסן אויף פלאַקסן־ביימער,
מיט האָניק־ראַסל
איז פול די שיסל
און פאַר יעדן גרייז מיד,
זענען הלומות
אויפן עץ־הדעת
ווייסליכטלדיק צעבליט?

## מיט געקלינג פון גלאָקן

מיט געקלינג פון דעמאָן־גלאָקן
קומט וועקן,
די טויבע גלייכגילט
פון המון,
אין שושקע־וויגן,
פון סיטרא־וועלט
איינגעשוויגן.
קעגן רויט־שאַרין קומט אויפשרייען
ס׳אָנזאַמלען פון פלאַם־כמורעס אין די הימלען.
סם־טומאַנען,
אַרויפגעשליידערט
אין אַ פייער־טויט,
גיהנום־בלוט,
צעברענט אין שטן־הענט,
אָן ערפל־עולה פון טייוול
געמקריבט פאַרשייט
צום גען־קאַלב,
און צו די חרית־לייט, שלווה־שלומדיק צעמרוקעט
און פון פרידן־שוואַלב:
אַ ראָב־טויב מיט צעבליצטע אויגן
ווילד צעקראַקעט,
וואָס ווערט אַ צעפלויגענע אַרומגעטראָגן,
צעשטורעמט מיט געוויטער איבער די כל־עולמדיקע רעטער..

מיטן זשאַווער־צונג פון דעמאָן־גלאָקן
קומט וועקן
די טויבע גלייכגילט

פון המון
אין שושקע־וויגן
פון סיטרא־וועלט איינגעשוויגן.

קעגן טויט־שאַריִען קומט אויפשרייען
ס׳אָנזאַמלען פון פלאַם־כימערעס אין די הימלען,
סם־טומאַנען, וואָס בלענדיק שיינען,
פאַרגאַרטלען בייז דעם ערד־קרייז
מיט משחיתדיקער הריסה
און גיהנום־מיתה.

# אַמאָליקע היימשטאָט

שטאָט —
רציחהש אָנגעזעטיקט,
ס׳איז דיין נעכטן
אין זוניקן קאַיאַר אַריינגעשאָכטן
און בלוטיקט.
כ׳זע: פרום דער כאָם
מיט ברודיקן גוף
צעפּרייפּלט צום הייליקן יויז.
אויפגעשפּענסטערט פון שלאָף
איינגעפינצטערט,
קומט ער בעטן סליחה
אין צעגלעקלטן תּיפלה־הויז
אויף צעפּויטעוועטע „זאַווערוכע"
צעשטורעמען „סטראַך" אין זיך...

דער עשו־ברום,
וואָס רייסט זיך אַרויס פון אים
מיט געגרילץ פון סרחהדיקן האַלדז,
איז ניט ווייל ער דער בן־סוטה
האָט חרטה.
דעם כלב פּלאָגט אַ האָזן־פּחד,
שלאָגט אוים אַנגסט פון טויט
אין זיין דם־רע,
אָנגעצונדן רויט,
פאַרן „האָספּאָדי־באָ"...

זאָל סם אין מיר צעצערנט,
זיין אַ סמאָלע־פלאָם,

מיט אַ סאַזשע-שטויב
אין שגעון פֿון זיין ווייב
שטיק ווייסט:
קניִענדיק פֿאַרן צלם-געץ —
שפּאַרט פֿון צעיאַטערטע בריסט דעם נאָפּל,
אָנצווייגן איר ממזר-שראָץ
צעיעלהט מיט כריפּנע קול און צאַפּל,
אַן עופּל מיט בלאָטער-בראַנד.

זאָל אַ ווינט
צעטראָגן מיין האָס ווי רויך
צעדעכען אַ וואָלקן טשאַד —
צו פֿאַרמהומהן אים און איר,
און דאָס גייות: חיות-רעות,
אין אַ פּגירה-פֿאַרכט, וואָס שרעקט,
האַקט און בראָט,
שפּאַלט דעם שאַרבן-ביין,
מיט רויעם וואַנזין —
אַ צעבייטשטע מורא
אין מוח אַרומגעטריבן.

זאָל אַ ביטערער האַלוין
פֿון גאַל,
אַריינגעפּליסט אין פֿאַרדאַמטער זעל,
זיין האַרב אַריינגעריבן
ווו ס׳ליגט איינגעשריגן
דער געוואַלט פֿון אומשולד.

אין כּף־הקלע־פּנקס
מיט פלאַקער־פען
זאָל פאַרחתמעט ווערן ערגעץ
מיין שנאה־שפּיי אין זונה־פּרצוף
פון צעלאָזטער לילית
וואָס פאַרפליגלט זיי
אונטער די „יוסטיץ־קרילעס"
פון איר מאַכט
ווו מחבלים זענען צעקייכט,
און ס'לעשן זיך ביי נאַכט שטערן־ליכטער
פון דעם געלעכטער.

## אונדזער שכן דער אוקראַיִנער

ס׳וועט קומען אַ צייט —
מיט פאַרבלוטיקטע „לאַבעס״,
וועסטו גענענען צו אונדזער טיר,
אַ שוויַיסיק־אויסגעוויַיקטער
שנאָרער,
בעטן אַ ביסל וואַסער
— צו פאַרזשמוקען דעם רוצח־שפּור —
פלעק פון שרעק,
איַינגעזשאַווערט אין דיר;
צו שטילן דעם דורשט
אין זיך פון וואַרטשענדיקע זשאַבעס.

צי וועט מען דיר גלויבן?
האָבנדיק דיך געפּאָרשט
קוקנדיק דורך די שויבן
און דערזען
אין האַריזאָנטישן פאַרבליַיך
סמבטיונדיק צעגליט
אַ צעפלאַמטן טיַיך
רויט צעשריַיט,
ווי דאָס זכריהשע בלוט.

ס׳וועט קומען אַ צייט —
ווען „זשעברען״ וועסט פאַר די עזוּת
אַ קוואַרטל טהרה־שווענקעכץ
דיך אַרומצוּוואַשן,
דעם דורשט צו לעשן.
מיט אויגן־געשוויר און טרערן

מאָדליען זיך
די בידע אויסצוהערן.

זיין אַ שופט דיר זאָל דער הונט:
האַווקען, און דווקא
זיך ראָיען צייניק אין דיין ווונד.

יאַשטשערדיק געפּרעסן
פון חרטה־עקדישן,
וועסטו אויך לעכצן נאָך אַ פּליסיקס קיל,
דעם באַציל
פון געשוואָלענעם האַלדז אויסצושווענקען.
אין זאַלציקער סלינע וועסט זיך דערטרענקען,
אויסגיין פּאַרגלאָצט,
צעגולמט אויף וואָרלאָז הינטישן שטייגער,
בלייבן אַ פּגר
ניט דערצלמט.

## צום „קאַפּאָ"

ווי דער בלאָנדער הונט
אין שטורעמדיקן אויפברויז
פון הונגער און קעלט געשלאָגן,
דעם דורשט צו שטילן,
נאָגט פון לאַפּע צעפּלאַצטע וווּנד
(ווי אַ סנאָמפּליע ניט צו פאַרקילן),
קאַוועטשעט אַריין פּיין און אָטעם
צו זיך אין שוים,
ניט צו בלייבן אַליין שטום און הויל,
גליווערנדיק אין זיין גרויל —
נאָר אַז שטורעם אין פעלד
שניידט מיט מעסער, טוט די פעל אָפּשינדן,
ווערט דער געוואַי אין אים אָנגעצונדן,
איז צו לבנה אַרויף זיין בילן,
קלאָג, וואָס קען שטיינער רירן,
וועלפיש בלוט, ווי אייז פאַרפרירן.

אַזוי איך:
ווי לאַנג ס'געוויטער
אין די „אוויא־שלעסער"
האָט געלאָזט הויזן מיך,
ניט געריסן שינדלען פון די טורעמדיקע דמיון־דעכער
און געטראָגן רוחות מיט שריפה־רויכעס
אַ רעיון־געוויכער,
האָב איך אַ פינצטערער מסור־האַסער,
געצאַפּט אין זיך דאָס בלוט פון הארץ צעריסן,
געשיכורט סם פון כוס,

פאַרטעמפּן, איינטערפּניען דאָס בייז
אין נשמה־טיפעניש איינגעבּיסן.

נאָר אַז ס'רייסט שוין מיר און טויער
פון אַן אייגענעם דער פאַרראַט,
ס'דערטראָגט זיך צו מיין אויער
אַ שלעכט געהאָרך,
דרייט שוין אַ משוגעת מיך אין ראָד,
ברענט דעם מאַרך,
ווערט טערפּקע דער געוויסן,
אַ שטיין די גאַל, מיט שפּיציקע שאַרפן,
אין דיין צעגלאָצט־פאַרגלאָזטן אויג
קללהדיק צו וואַרפן,
צעשמעטערן אויף טויזנט שפּריצן,
און אַזוי פיל מאָל
אין פאַרדאַמטן מוח שגעונדיק אויפבּליצן
מיט געהירן־שטאָך
דיין דם־חושכדיקן פאַרברעך.

ס'וואַרפט אוים די אוהל־קברים
פון אונטער די מצבות
זיידע־באָבע, טאַטע־מאַמע —
אָבות הייליק־פרומע,
ס'איז די טמא־ערד אַ גיהנום־טיגל
טראָגן זיי זיך אויף שטורעם־פליגל,
דיך מיט פייער־גאַרטלען יאָגן,
אין אַ ווילדן ווירבּל־קאַראַהאַד.

זאָל אַ בייסעניש דיך אייביק פּלאָגן
צעדראָזשען די הויט
צינדן זי רויט,
מיט בראָט־פּלעקן דיך צעפּאָקן,
אָדער־און גלידער־קראַמפּן איינשרימפּן.

ווײ!
איז דען פאַראַן ווי אַזאַ שטראָף,
אַ געשוויר, וואָס זאָל שרפהנען אין דיר?
איז פאַראַן ווי אַזאַ העק,
אַן איבערגעקערטע שטאָט,
אַ סדום?
פון דאָרט אָנצוטרייבן שרעק
אין אַ ווילדן טרוים,
מיט היץ דיך צו באַהייצן
דעם געפּיל־נערוו אויפרייצן,
דיינע בלוט־ווייען בריִען
ווי מיט צעברענטע דראָט?

ווײ!
זאָלן טאַנצן פאַר דיר אין פלאַמען
קינדער פון מאַמעס הענט אַרויסגעריסן
אין מולך־אויוון אַריינגעשמיסן.
פיבער־שלענג,
זאָלן מיט גיפט דיך סמען, טויט־שוויים באַשלאָגן
האַרץ־קלאַפּ צעקריגן,
פאַרשאָלטן זיך אַרומצוטראָגן.

ווי לאַנג וועסטו וואָגלען, וואַקלענדיק זיך וויגן,
מנוולדיק אָפּשפּיגלען
אָט די שאַנד?
זאָל דער ביסן פּוילן דיר אין האַנט,
אייגענער אָטעם דיך פֿאַרפּעסטן,
און ווען וועסט דאָס שטיקל קרקע
מיטן שקראַפּל-גוף נאָך דיין פּגירה
זינדיק באַלעסטן —
זאָל מחבל-טייוול אין אַרומגעלאָף
דיר קראַקען שירה,
און פֿון זיין האָרנדיקער „פּיטניע-קוואָרט"
זשלאָקען אַ טרונק צו דיין פֿאַרראַט.
מיט אַ בריל פֿון פֿאַרסלינעטן משחית-מויל,
האַבנדיק ס'בייז באַלעקט,
איבערענגען קדחת--רוחות דעם הימל צו להכעיס
און זען אָפּגעמעקט דיך
וויסטער לעסטער
פֿון וועלטן-רייסטער.

## די פאַרנאַרטע ראיה

מיין אָרעם — שטרעק צום גליק,
גין־גאָלדענע פאַרלאַנגען,
ווי ביים ראַנד פון וועלט, ס׳הימלישע בילד
אין ראָזעווע אַקוואַרעלן פיל־פאַרנאַכטיקע געמאָלן,
איז קורץ צו דערלאַנגען.

מיר דוכט:
וואָס פאַרויס איך שפאַן
צום פאַרגלאַנץ —
מער דיסטאַנץ איז צווישן אונדז פאַראַן.
איינגעפיבערט,
געפילן זיך הייצן און רייצן,
ס׳זידט ס׳באַזויפטע בלוט,
ס׳ציט צום ווייט צעצינדענעם ליכט.

איך —
ניט ניכטער,
אין שעהען פאַרנעפּלט,
פון צייט אויסגעמפּלט, סוף טאָג;
מיט מוטנעם קורצזיכטיקן בליק,
אונטער דאָפּלט־געשליפענע ברילן,
שלייך זיך נאָך דעם נשמה־ווילן
פאַרשמאַכט, אָן כוחות,
ווי נאָך לוטן זיין שאָטן,
אין אַ געדאַנקלעכן יין־שרף פאַרמשקהט,
איינגעשושקעט אין אַן עת־רצון אויפן וועג,
געשיכורט פון געגאַר,
ווי פון אַ נעקטאַר

מיט אַראָמאַ־ריחות
אויף געדרייטע שליאַכן
כישוף־בלישטש צו דערגרייכן.

כ׳צעשפּרינג זיך מיט בענקענדיק געזאַנג
צו שטילן דעם פאַרלאַנג
פון צעשפּילטן האַרץ.
דער אָרעם־שטרעק
איז קורץ
צו דערלאַנגען
דעם שימער־געשפּין פון זון,
די פאַרוואונדנדיקע שקיעה — — —
אָ, מאַמע! „מאַמאַ מיאַ״!
פאַר וואָס אַזאַ געפּעלשטע ראיה?

# ווי דער טרוס

ווי דער צעשראָקענער טרוס
מיט די אויערן אָנגעשפּיצט,
אויף זיינע הינטערשטע זיצט
אין גרינס צעבלעטערט,
לאַפּקעט צום מויל
אַ סטעבלע גראָז,
און פֿאַרן מינדסטן שאָרך
אָנגעפּחדט
יאָגט אַ צאַפּלדיקער אַוועק —
אַזוי איך,
מיט אַ טשאָכקענדיקער שרעק,
ווער פֿון אייגענעם־נאָז־שנאָרך
אויפֿגעציטערט
מיט אַן אינערלעכן דראָזש,
לויף פֿון זיך אַליין
פֿאַר אויסגעדאַכטן שורש,
איינגעטיפֿט אין אַ מורא.

כ׳פֿיל אין זיך טראָפּנס
קיל טשאַפּקענדיק קאַפּען
אין אַ ספּאַזמיש פֿאַרשפּאַרט
בריִענדיק אָרט.

## מאָל, הערש לייב

מאָל, הערש לייב,
מיט פּליטער־פאַרב פון לעבן
די דינע שטראַל־געוועבן,
פון צעלאָכטענער שכינה
אַריינגעשפּינט אין די תענוגי־הימים —
די אַרויסגעבלענצטע טרוימען ווי שלמים
פון אל־עולמים,
אין קדושה־פלאַמען,
איבערן דרויסיקן גבול פון חלל —
ווילדע פוסטענישן, צעשוועלטע וויסטענישן
אויסצוברענען,
מיט שדי־שיין באַזונען.

זאָג: כ'וואָלט וועלן אַרויפבאַנען,
דורך פּנינה־וואָלקן מיט נגינה
אין אוויא־פלאַנען צום אַראָרישן אויפטאָג,
זיך אַריינאייביקן מיט דבקות־געגום פרום,
אין פייער־געוואָלט,
מראה־אלוהים,
כל־עולם־געשטאַלט —
איידער דורך אומקומעניש באַצווינגען,
סוף־כל־סוף ווערן
שכחהדיק פאַרשלונגען
פון אַ שוואַרץ־פאַרוויסטע
איינגעריסטע
טויטן־נאַכט
חשכהדיק פאַרפלוכט.

כל זמן ביסט ביים זינען,
ס׳בלוט ריזלט,
זון דיך שפּיזלט,
אַטעמסט אַ נפש־געגאַז פון זיך ארויס —
מאָל מיט פאַרב פון לעבן
די הייליק־דינע,
שטראַל־געוועבן
פון צעלאָכטענער שכינה,
זוהר במרומים איבער אל־עולמים,
טיף צעבליסקעטער הוד־הדר־סוד.
צעשיינט איינגעבלענדט
אין אויפגאַנג פון כל־הימים,
זינג בקול־רנה,
אַ דיר ליב־ליד,
פון די הייסע בלוטן אַרויסגעבריט —
הערש לייב.

## פּינטאַס זאָגט

פּינטאַס זאָגט
ווען פרי זיך וועקט פון אין פינצטערניש איינגעדושעט:
פּראַשעט אָפּ דעם וואַקלדיקן טראָן,
טוט אָן אַ קרוין אויפן קאָפּ,
מיר, דעם גאָט־געזאַלבטן האָטענטאָט;
צעשווינגט די פּאָנעך־טיכער, פּעכלט מיט פּאַווע־פעכער,
וועלט פּאַרקלינגט, שרייט הידד!
גיסט אָן דעם גאָלד־בעכער פון לוט
מיט אַ שפּרודלדיקן מעד,
וואָס איז זוכה אַ ליפּ־ברכה,
און טראָגט מיך אויפן וועג
דורך ווימלדיקן שטויב
צום שימלדיקן יאריד
מיט חרם־קברים
פון שרצימדיקע פּגר־טרעגער.

מיט געזאַנג און לויב ביז מרום,
שטאַפּלט מיך אַרויף צום אויפשטייג־טורעם,
פון אויפבלענדיקן טאָג,
מיט זון צעוווּנקען.

ס'האָט מיין פּען, פינקל־שטראַל אָפּשפּיגלענדיק
אין זעל־קוואַל אויסגעטונקען
און אַריינגעבריט אין ליד.

וואַש אוים, פּאָלק, אין מיין בליק
דעם אויגן־וועלק

פון לאַנגן טרויערן
אין מיין זעונג איינגעפרוירן...

דעם טראָן שטויבט אָפּ,
זאַלבט מיך מיט אַ קרוין אויפן קאָפּ,
שרייענדיק הידד!
טראָגט מיך איבערן יאַריד
דורך די שטויב־וועגן,
אויפן פּעגאַסוס צו שטייגן
און רייטן צום באַרג ווייטן
„העליקאָן"
מיט זוניקן טרוים־פּאַנטאַן,
„היפּאָקרין",
אויף להכעיס די פאַרשווייג־רוחות —
צו לבנה־פּלאַטער, אָלימפּוס־קלעטערער.

## באַגלייט

באַגלייט — ווייאָל, פידל און פלייט —
מיין צעפלאַטערטע זעל
אויף פאַרוואָלקנטן וועג:
חלום־גאַנג צו פאַרשווונדענע טעג
אין די אָפּלויף־יאָרן פאַרלוירן.

בליט־אויף, צעלאָכטענע קאַיאָרן,
אין רעפלעקסן פון מוח־עקראַן אַרויסגעוואַקסן —
צעזומערט, אַרויסגעשימערט,
פון שחר־וואַלד צעשטראַלט.

בלענדט־אויף, שקיעות, איינגעפאַרבט אין בלוט,
דורך וויזיעס פון מאַרך אַרויסגעגליט,
פלאַם־קרבנות פאַר וועלט־עוונות
ימימדיקע פאַרגרוילטע צעביילטע שאַנד
אין די בין השמשותן צעברענט.

קומט־אויף פון אָפּגעוועזן זיין
מעת־לעתן צעוועקטע
פון דויער־צייט אָפּגעמעקטע;
טויכט־אויף פון עבר־תהום,
מיט מיין צעשפינטן טרוים
אין אייך איינגעוועבט, דורכגעלעבט,
פאַרשוועבט אין איינשווינדלדיקן פאַרהימלטן בלאָ
מיט צאַפּלענדיקן אומרו.

באַגלייט מיין צעפלאַטערטע זעל —
ווייאָל, פידל און פלייט —

ווי מיט פּישטשיק געוויין,
אין אָפּגעוועלקטער צייט אַריין,
ווו ס׳הוירן חלום-וועלטן איינגעפּרוירן,
אַ למען-זכר אין שחור-שפּאַלטן.

מאַניעט אַרויס מיט טריל און צויבער-שפּיל
פון דמיון-טיף, די להבות-ליבעס
אויסגעבענקטע,
אין די געבליטן איינגעצאַנקטע.

כישופט אַרויס מיט הייליקע טענער
בעת שקיעת החמה,
אַקעגן איר צעפּורפּלטן שיין,
מיין נשמה-פּיין,
אַ נאָך-עפּעס-בענקען —
טיף אין מיר פאַרזונקען.

# פֿאַרנעם מיין געשריי

פֿאַרנעם מיין געשריי,
ס'פּיינלעך כריפּען,
יאָמערלעך כליפּען
טיף פֿון נפֿש און גוף
דערשיטערט,
מיט שאַרפֿן ווײי אַרויסגעציטערט
צו דיר, שדי אֱלוהי.

דער כאָרכלענדיקער געוואַלט —
אַ גרויל פֿון קעל אַרויסגעריסן,
בייזע רעיונות, דמיונות און שלאַנגען-כימערעס
האָבן מיינע נערוון דורכגעפּרעסן.

אין צענטער דער מאַרך-צווינטער
איז אין אַ פֿיבערדיקן פּלאָנטער
קלומפּערדיק פֿאַרפֿלאָכטן,
ווילדע הוריות אויסצוטראַכטן;
פֿון מוח שרעקן
אַרויסצוּוועקן
אַ שגעון-געשטאַלט...

ווי קען איך פֿערלען אות,
סילען וואָרט אויף שנור,
אַז פֿון אונטערן האַרצן,
האַר,
שפּאַרט אַרויס, אויסגעהויכט מיט כעס,
אַ קללה
צו דער צעפּאַקלטער פּלי-בהלה

איבער אונדז —
אין רוים,
אַ גיהנום־טויט
פון זיך אַרויסצושטויסן?

ווי קען איך מיט געהויבענע הענט
זיין צעדאַווענט צו דיר,
איצט, ווען זון זיך זעצט
אין איר שקיעהדיקער גסיסה;
אָנצינדן אין פאַרנאַכט
פאַר אַ פרומער נשמה אַ ליכט,
אין אַבלדיקן טרויער נאָך איר,
אַז דיינע הימלען זענען צעברענט
מיט שר־המיתה־פייער?

גלי־זאַלץ גריזשעט אין האַלדז,
בראָט דעם אָטעם אין לונג,
בלאָטערט די צונג.

טיף דער שניט
מיט גיפט אָנגעהייצט,
צעפלייצט אַ גרויל אין בלוט.

דאָס אַרומטרייב
פון מחבל־לייט
אין אָוונט־צייט,
אַ חשמל־שטיק, אש־להבה,
מיט ווירבל־געשריי —

ציטערט אויף מיין לייב
מיט שרעק.

ניט אין אַ מנחה־תּפֿילה
איז מיין פּחדדיקער אויפֿשריי
אַ תּשובֿה
אויפֿן שטורמישן
הילך־געלאַך
פֿון אשמדאי.

## טאַפּסט ווי בלינד

טאַפּסט בלינד אין טונקעלער שטוב צווישן די חושך־ווענט,
די איינגעגנאַדעטע מרה־שחורה
פון דיין דמיון אַן אַנגעשווידערטע.

ווי מיט פאַרפּעפּערט זאַלציקן לויג
איז פאַרלאָפן די ראיה אין דיין אויג,
אַ רויט־בלוטיקע וווּנד;
אַנגסטיקע מורא זעצט פון דיין קוק,
אַ צעבעלמעטע שרעק
פאַרפינצטערט דיין טאָג.

אַ קעגן אימהדיקן נעכטן אין טויט־וועלטן באַהאַלטן,
איז דיין באַוואָפנט האַרט, שטאָליק וואַרט
מיט אַ שאַרף־מעסערדיקן אַקצענט אַנגעברענט
אין גלי־פייערן פון נויט,
אַ ווילד רוגזהדיקס צעפּאָכטן.

דיין אָטעם פאַרפּעסטעט מיט גיפט די לופט.
זאָלסט אַפילו פאַרקלעמט אין אפלה במחשבה פאַרטיפט,
גיין איבערן תהום אויף כף־הקלע־בריק,
אָן האָפט, אַ געפלאָכטענע פון דורכגעשרפהטע אַכזבה־שטריק,
צו דערגרייכן יענע זייט,
פון פאַרשוווּנדענעם טרוים —
וועט עס דיך אָן שפּאָרן פאַרפירן,
ווי דעם רוח צום תוהו־לאָך.

אַ זשאַווער־גליווער שימלט אין דיר.
וועגסט אויף פּחד־וואָג
יסורים אָנגעזאַפּטע, פון דעם אַרויסגעצאַפּטע,
אין פאַרפלוג־צוג אַוועק.

וואָס ס'איז זיך פאַרלאָפן, ווייל אין דיין מוח ניט איינשלאָפן,
ווערט אין אַ חלום אויפגעפלויגן,
טוט זיך איבערזאָגן אין דיין שפּעט איינגעדרימלט געבעט.

וועמען ווילסטו, מיט אַ תוכחהדיקן פלוכן דורכשטעכן?
וועמען איז דיין תפילה אין דער אפלה אַ משונה־קרויניקע מתנה?
שטייסט אַקעגן מלכותדיקן שדי מיט אויסגעפּאַקלט אויג,
פינצטערדיק באַטראָפן, און האָסט ניט מורא פאַר די שטראָפן?

טאַפּסט בלינד מיט צעשוידערטע גלידער אין חדר
די איינגענאַדעטע מרה־שחורה צווישן די חושך־ווענט.
וואָס דו דאַוונסט, איז לבטלה, ס'ביטערניש פון גאַל אויסגעשפּיגן,
ווערט פון נבלה־גייסטער אויפגעכאַפּט, אין זייערע ווינטן דורכגעזיפּט,
און איבערן צעפּראַל פון וויסטן וועלטאַל
אין אַ געוויטערניש צעטראָגן און צעשריגן.

## ישראל

אין אַ זעונג־שיף
כ׳טו מיט פרומען שווייגן שטייגן,
אין פרייִקן, אויפשאַריען פליִען,
אויף כוואַליעס וואַנטש־ווינט
צום אָבות־לאַנד.
אין מיינע בלוטן פאַטערדיק פאַרתהילימט,
מאַמעדיק צעתחינהט,
איצט בממשות פון געדאַנקען און סידורדיק בענקען אַרויסגעחלומט
מיט השגחהס ליכט צעשכינהט.

כ׳ווער געטראָגן
איבער דמיון־וועגן
צו גרין־צעבליטע טאָל און בערג.
געווען צו דער תוכחה פאַרצינזט,
איצט פון יונגוואַרג
ס׳וויאַנע־וויסטעניש אויסגעקאָרנעיעט,
צעאַקערט, פאַרזייעט,
באַפלאַנצט.

ס׳צעוואַקסט זיך די נביא־בענטשונג
פון חזיונות באַזעלט —
רעיונות,
אַרוים פון די תנ״ך־אותיות
צווישן פאַרוועלק־טאָוולען איינגעגעלט.
אַרץ, ערשט ניט לאַנג
תשעה־באָבדיק איינגעאָבלט
חרובדיק געאַשט,
איצט פון די שימל־יובלס אָפּגעפרישט.

ווי אויף אויסגעשפרייטע „אל־על"־פליגל
טוט אָדלערן זיך מיין זעל
איבערן לאַנד
די האָריזאָנטן זוניקע צעצינדט,
מיט אַראָראַ־שטויב.
כ'שוועב הויך און שיק דורך די ליפּן הייטער
אַ שבח־זינג־געשאַנק
פון האַרץ־אויפציטער,
אויך אוים אויג פאַרטרערט,
ווי אַ טוי־טראָפּן
דיר פון אויבן באַוויליקט,
אַראָפּגעהייליקט —
ישראל־ערד.

## דאָס חלום־ליכט

ס'דאַכט: פון אַ לבנה־שטראַל
אַ מאָל ביי נאַכט,
צינדט זיך אָן דאָס חלום־ליכט,
וואָס באַשיינט דאָס טונקל־טראַכט־ווינקל
סענסואַל טיפע;
אַ וואַך־מחשבה־רוחל
טוט פון זיך גופא אָן תוך אויסוועבן,
געדאַנקלעך צעבלענדט,
אין דיר, אַ שימער־שלומער,
ווי פון אַ קינד
מיט אַ מלאך־שמייכל.

ס'שטריקט אויך, אין די געהירן איינגעשרעקט,
אוים ווילד־פיברעס פון אום־שכל
שאָטנדיק לעבן —
אין כישוף־שלאָף,
צעטאַנצט אויף וויזיע־ווענט
פון דמיונס איינגעשאַטירטן ווין־פלוין.

ס'שוועבן דורך כימערעדיק אין וואַריאַציעס פיל
אויפשפיל נאָך אויסשפיל פון איינגעמוראַטע זעל,
און לאָזן צייכנס אָפּגעדרוקט אין מאַרך,
וואָס קריצן זיך איין מיט פיין,
ניט פּותר צו זיין.

ווי פֿון אַ לונאַר־שטראַל
אין אַראַפֿפֿאַל,
צינדט זיך אָן דאָס חלום־ליכט,
וואָס באַלייכט
אונטער פֿאַרוויִעטע אויגן,
די רעיונות אין טיף־דרימל דורכגעפֿלויגן,
שאָטנס בלינד,
פֿון נעפּלען איינגעפּרירטע
אַרויסצעניִרטע
מעשה־באַשאַף אין שלאָף.

הוריות געגליקט, אימות צעשרעקט,
מחשבות וואָס זינקען,
ווערן אין שכחה־פֿאַרטרונקען
אויפֿן תהומישן רעיון־דעק.

צומאָל בלייבט דאָרט אַ ליכטלעכער פֿלעק
פֿון עפּעס געווען;
אַ צאַקענדיקער נאָכשיין
פֿון אַ אַנדרוגינוס־טרוימל קוים געבוירן,
און באַלד אַ מפּילדיקס זיך פֿאַרלוירן.

# איך קוק אַרויף

איך קוק אַרויף
דורך דעם משקף־שפּאַקטיף
און זע דעם אוניווערסאַלן יאַריד
נאַכטלעך צעבליט
מיט ביליאָנען פייער־באַלונען
פלאַמיקע אייביקייטן,
אַריינגעשכנט אין די דויער־צייטן
אַרומצווזשומען און רוים צעפלאַמען.

צו מיר גרייכט,
דער גלימצער־שיין פון פילוויטישן שטערן־ליכט
אין די שוין צעשווימענע עאָנס,
ס׳גאַר־לאַנג אומגעקומענע
אין די וויסטע חושכן
פון פאַרפאַלענעם תהום,
ווו די טונקלעניש איז אין צעציטער,
מיט ווינט־געוויין איז צעיאָגט דאָס אורגעוויטער.

אָנגעהויפטע שטורעמס מיט אַלדי הריסות אָנגעשלאָגן
קלאָגן זיך אוים און צעהילכן די מהלכן
צעווייטערן די גריים פון גראָע רויע,
תוהו,
אָן לופט, מיט געטלעכע אַנגסטן צעפייפט.

פון גליווערדיקן פראָסט פאַרוויסט, אין חלל צעגרווילטן
וואָגלען משונהדיקע לבנהדיקע
געשטאַלטן פאַרגאַזט,
גילגולן אַרום

מיט פאַרפרוירענעם פייער־שוים.
ס'אַ ווילד־געמאַרק פון געדויער איינגענאַכטע,
ניט דערטראַכטע וועלטן־ברוכוואַרג
אין מדבר־אַש פון פּוסטעניש.

ווי לאַנג קען איך, בן־אָדם, ציִען
דעם זין־פאָדעם פון געדאַנק
אַ וויזיע אויסשפּינען;
פּלאַנעטן פּלאַמלעכע, אומהיימלעכע געפינען —
פאַרבליטע, אויסגעגליטע,
מבולבלדיקע צעמהומהט און פאַרשממהט?

אויף וויפל קען פאַרפליִען
דער דמיון־רויך פון די געהירן,
מיך פאַרטראָגן,
צו זען די געוואַלט־כּוחות
עקספּלאָדירן,
איינרייסן און צעשיסן
דעם אין־סוף,
צעשיטערן, דערווייטערן,
אויף אַזאַ אופן מער חלל באַשאַפן?

ווי קען איך,
ווי אַ מפּיל־עופל
פון אַ רוחל,
מיט ווייניק שכל
באַנעמען די כאַאָטישע מאַכט,
אומגעפורמיקט צערוחט,

ווי ס׳האָרעוועט און בורעוועט געכוחט
גבורת־אלוקים,
צעפינקלט מיט שטאַרקן חום,
דעם אַטאָם,
שטורמיקט פון זיך אויס,
גיהנומדיקע פייערן
צום נצחדיקן געדויערן,
וואָס יאָגן אַרום
מיט אומרו־געשריי
איבער נאָך אין ערגעץ ניט איינגעריסטערטע
אויסגעגייסטערטע וועגן,
צעטראָגן שיינליכט
פון כביכול אַרויסגעמוחט,
די נשמה פון צעלאָכטענעם זיין,
וואָס איז אין קאָסמישן בילד
צעפיבערט איבער דער וועלט?

איך אין זיך
דעם חלום וועק,
דמיונדיק קוק
מיט צעאויגטן צער —
און האָב קיין תפילה דערפאַר.
אין מיר ווימלט דער אומעט,
די ליפּן זענען פאַרטשעמעט
צום הייליקן באוויז
אומגעהייער גרויס.

א פחד־צעוועק צוקט.

## וואַרף אַראָפּ די ברילן

וואַרף אַראָפּ די ברילן,
פון פּאַרטונקלט אויג, מיט בליק ניט שאַרפן,
פאַרפּאַק דײַנע כתבים
אין סאַקווע־זאַק,
און טראָג דעם שווערן אָנלאָד מיט אָפּגעשלאָגענע טריט,
אויף שוועלן פון די הויפן,
אין שטאָט אויפן יאַריד.
פּרוּוו פאַרקויפן,
מ׳וועט מיט שטיינער דיך באַוואַרפן,
אָנרייצן כלבים,
דיר נאָכצובילן,
דעם קאַפּטאַן דיר צערייסן.
דאָס היטל אָפּלאַכן,
וועט הייסן:
שוטה, האָסט ערלעך פאַרדינט
צו ווערן פאַרהאַוועקעט פון הינט.

גיי אַרויס איבערן מאַרקס־שליאַך
מיט דײַן ביסטרע צעוועדטלט בוך
און באַווײַז אַ נס:
זאָל עמעץ אין גאַס
דיך באַדויערן,
אָנשפּיצן די אויערן,
הערן,
דאָס פאַרגיסן באַכן טרערן,
אין דײַן חשבה־כתב
ווי פון איכה,
אום תשעה־באָב.

אַנו, פרוּוו פֿאַרנמכּרן
פֿאַר אַן אויסגעדראָשענער פּרוטה
דעם טראַף,
וואָס האָסט מיט אותיות־רויטע,
אָבלדיק פֿאַרזונקען,
פּען אין טיפֿעניש געטונקען,
פֿון שטורעם אויפֿגעטריבן,
אָנגעשריבן.

פּרוּוו פֿאַרקויף פֿאַר אַ גראָשן,
אַז הערצער זענען פֿאַרלאָשן
און דם פֿול סם טוט קוועלן,
כּלבים דעם קאַפּטאַן רייסן
און ווייסן, ווען אויף די כּתבים צו בילן.
דער אַל־אָפּצאָל,
איז פּרעך:
אין פּנים דיר אַ לאַך,
אין האַרץ דיר אַ שטאָך.

## ס'איז ניט דער ווּנטש פון מענטש

ס'איז ניט דער ווּנטש פון מענטש,
צו פֿאַרהונגערן דאָס התלהבֿה-תאווה-בלוט
צעפּולסירטע רויט,
ווערן איינגעיערט
אין אַן אייז-שימלדיקן טויט.

הייסער שטראָם
אין האַרץ צעפּאָמפּט
טיק-טיקט אויס
ווי אַ מעטראָנאָם
די כּהרף-עינם
אָפּגעשטעמפּט,
מיט גלי פון דם-התמצית
דעם צעשטראַלטן זיו
וואָס ווערט איינגעהויכט
אין גוף.

די ביליאָנען צעלם
אָקסיגענדירן
דאָס אַרומלויפיקע אין רייער-געפעס,
אויסגעהייצט פון פּולס,
וואָס נערט די חושים,
מאַכט אַן רושם
אין די געהירן,
ניט איינצוזשאַווערן,
צי פֿאַרגליווערן
און בלייבן ליגן,
אַן זעל,

נאָכן לעצטן אַרויסהויך
מיט אַ פֿאַרפֿרוירענער פּאַרע
אין מויל, אין מוח
אַ כמאַרע,
וואָס פּרעסט
אַריין אין די שלעפֿן
ס׳אייביקע שלאָפֿן.

ס׳איז ניט דער ווונטש פֿון מענטש, זיין שטערבן,
צו פֿאַרהונגערן דאָס בלוט
טבֿע־תאווהש צעפּולסירט
מיט חיותדיקן אומפּאַרלעש
אין שטיק־פּליאַק־פֿלייש,
וואָס טיק־טיקט
מעטראָנאָמיש אויס און צעוויברירט
יעדן אויגנבליק,
איינגעמראַהט אין דער מינוט
פֿון פֿאַרוועבטן לעבן,
אויס די דינסטע אומזע־פֿיברעס
פֿון אַוועקלויפֿנדיקן מעת־לעת.

## דער מאַקאַבראַ־טאַנץ

אַ צעצווייגטער ראַק צאַפּט דאָס בלוט אין שלאָף.
שווידערסט אויף און ס׳טראָגט דיך חלומדיק אַ לופטצוג,
דורך עבר־שטויב, צום קהלס קבר־גרוב,
און ס׳אַנטפּלעקט זיך פאַרן צעגלאָצטן אויג:
מיט בזיון און שרעק
דאָס רעיון־בילד:
אַ קעגן אַן אַלטן רב־געשטאַלט, איינגעיסורימט אין ליידן,
פאַרטליתט אין תפילין,
זענען צניעה־מיידן געצווונגען אַ שקיעה־טאַנץ פאַר זון־פאַרבלענץ,
אין אַ ווילדן ראַד־קאַראַהאַד,
צום טאַקט פון שפּילן, זינגען, נאַקעט באָרוועס אויסצושפּרינגען.

ס׳שטעכט טיף דער הילך־גריליץ פון ערב־רב אַרויסגעלאַכט.
דער אָפּשפּעט פון אָנגעלאָפּענעם באַזאָפּענעם כלאָפּסקי־שד,
און זיין שפּילה־וויב־נבלה, מיט מאַטקע־באָסקע־בתולה אויפן האַלדז.

ס׳ברענט די צעפּאַסמעטע הויט, פון די צום טויט אָנגעחתמעטע,
ס׳ציטערן די פּיס, אין האַרצן־רים זידט האַס,
ס׳בראָט שאַנד!
אַ קללה און זעל־יללה אויפגעשריגן מיט גרויל,
איידער ס׳פאַרחושכט נאַצי־מערדערישע בליי־קויל.

זאָל דער אימאַזש איינגעבראַנדיקט זיין,
אין אויפשיין פון קאַיאָריקן ליכט,
אין הימלישן זוים־פּלאַס פון בין־השמשותדיקן פאַרנאַכט:
פאַר רשע־אויגן שווינדלען פון יאָמער־טאַל
דער שימער־דעמער פון טאָג אין אַ גיהנום־אָפּמאַל,
שרצים־מאָמעס, און פאָטער־כאָמעס,

פון פינצטער־טרוים אויפגעטראָגן,
אַרויסיאָגן זאָל משוגעת אין גאַס,
געבריל — פאַרקרימען דאָס מויל,
גאַווער — פאַרוואַרגן דעם שלונג,
אַ סקרוך — דורכוויבבירן דעם מוח.

פון מאַרכן־ברען אַרויסגעשפּינט זאָל זיין
דער מאַקאַברע־טאַנץ,
איבערן געוויסן טרעטן,
אָקריפּדיק בריִען,
זאָל די, וואָס קניִען
צום אותו־איש מיטן דערנער־קראַנץ,
בעת אימה און פרומע זונה־מינע
צעפּאַטשערן הענט אין אַ תפילה,
אויף קלויסטער־שוועלן גאָטס שנאה און פלוך
אַרויספּרייפּלען פון זיך.

## „ווענגערקאַ"

**פון ציקל פּאַשאַנאַדן**

עדעש-מילושקאַ!
איך טינק נאָך איצטער איין מיין פּען
אין יענעם גליִענדיקן ברען
פון זינדיק זידיקן בלוט
און דער שפּריץ —
פלאַמיקע מויד —
אויף פאַרשאַרפטן שפּיץ
איז רויט —
שיכורט אַרוים פון זיך אות נאָך אות
ווי ליפּ פון ליפּ וואָלט דורך שטנדיקן רייץ אַרויסגעקושט
דעם שרף-ברי פון אַ טאָקייער וויין וואָס באַרוישט.

ווען אַלטלעך כ׳זיץ
און מיין קוק בויערט דורך די מער ווי פופציק יאָר,
אָן אַ שפּור פאַרלאָפענע,
און כ׳זע דיך צווישן מיידן אין אַ צירקל-ראָד,
אין רינג-פּלאַץ
ביים פּאַנטאַן,
אין דער קאַטוילִיש פרומער שטאָט
סענט-מאַרטאָן,
מיט אַ וואַסער-באַניע אויפן קאָפּ,
גרין-רונד געבייכלט ווי אַ טאָפּ,
און זינגסט, טאַנצסט-אויס אַ ליד
וואָס פּעטעפי האָט אויסגעשמידט
מיט איבער הונדערט יאָר צוריק,
ס׳פאָלק גערעגט צו רעוואָלט און קריג —
ניט אָפּגעטרעטן איז דער רושם יענער אויף אַ שפּאַן.

כאַטש די שווינדלדיקע צייט האָט דורכגעיאָגט
אויף פּלי־פּליגל־באַן,
און איילט נאָך ווייטער אין איר וועג,
צו אַן אומבאַשטימטן עבר־ברעג.

איך טראַכט ווען ס׳שלאָפט זיך ניט ביי נאַכט: —
דער קליינער „סענט לעילעק־גלאָק"
דאָרט הויך אויפן קלויסטער־שטאָק,
פאַר די נשמות אין די פאַרנאַכטן צעשווּוּנגט,
האָט געמענט ווערן איינגעשטומט,
ווען דו האָסט דעם „קוקרוז־יאַנאָש" אויסגעזונגען
הייליק פאַרפרומט, מיט אַ ציגיינערישן ווונק און שפּרונג
אויפצורייצן יונגען,
וואָס וואָלטן טויזנט מאָל טויזנט
דעם קאָפּ פאַרלייגט,
אַבי האָבן,
ס׳חיות פון דיינע קאָראַל־ליפּן
רויזיק־רויט
אַרויסגעזייגט —
דו העפּטיק זאַפּטיקע
אונגאַר־מויד.

## רוף...

ביז צום דנאָ געדרענגטער,
אין ברוד פאַרזונקטער,
המון־עם פון תהום.
יללהדיק צעכליפּעט,
געפּאַלענע, פאַרשוואַלענע,
איינגעגליווערטע יונג און גרייז,
מיט אייערע קולות
פאַרלישעט די וועלט —
מאָנט שפּייז!
פאַר קינד און קייט.
געפּענטעט אין ליגן־שטריק פון גלחים,
לאָזט זיך ניט פאַרוויגן מיט פאַלש־צביעותדיקע רייד
פאַרפּרייפּלען מיט שבחים
יעזויִטיש פרומע,
קניִען און זיך ביקן צום יויזל און דער מאַמע,
אַ הלל מתפלל זיין צום אל־חסד,
האָפן, אויסמאָלן און באַגאַפן
דעם בליִענדיקן עתיד
אין די הימלען אַנגעגרייט.

דעם ברי־וויי
פון די ניט בקו־הבריאות
צעשפּרייט אויף ווענט־מודעות,
ניט געשריבענע מיט טינט:
דורך אותיות פון נשמה אַרויסגעברענט
זאָל זיך אַ שרפהדיק ווייִנען אַרויסלייִנען
פון יעדן וואָרט,
אין גליִענדיקע שורות אַרייִנגעפּאַרט,

צו מוזן ווערן דערהערט
פון די, וואָס זיך פאַרטייבן,
מאַכן זיך בלינד,
צו אייער מיזעראַבלעם לעבן,
אַזוי פאַרשוווערט, איינגעחושכט אויף דר'ערד.

## געגוס פון לעבן

א

אַ בריענדיקע פּיין
אין וואָרץ פון האַרץ
דערשפּירט;
ווי פון קעץ צעדראַפּעט
קאַפּעט פון אַדער דורכגעזשאַוועט
היים, טראָפּנווייז,
טשיפּק, טשאַפּק. —

יעדער אָפּטריף
אין דער טיף
איידער ר'פּאַרפּירט, גליווערט־איין
אַ דראָזשענדיקע קעלט,
פּאַרציטערט דאָס חיות הבריאות
אין צלם אלוקים אַריינגעזעלט.

ב

די עץ־החיים־פרוכט
אין גן־עדן
פון אַ נחשדיקע חוה אָנגערייצט, פאַרזוכט,
איז, ווי דער עקזאָטישער פערסימאָן,
אומצייטיק פון בוים געריסן,
אַ פלוים־פּרי, פּאָמודאָרן־רויט,
מיטן טעם פון טויט.
אפילו דער דעמאָן פאַרשייט די פליגלען צעשפּרייט,
פון גאַל אַ זאַטער,

װען ניט ביז רײַפֿקײט געװאָרט,
זאָל האָבן אין געאײל האַרט אײַנגעביסן,
װאָלט דערפֿילט אים טערפּקע ביטער.
אַזױ דער גענוס פֿון לעבן
פֿרי אין גוף זיך אָנגעקליבן,
טוט ס׳נפֿש ניט פֿאַרזיסן,
נאָר איז פֿאַרכמאַרעט
האַרבקע אײַנגעמרהט.

## שאָטן־בילד

ס׳זאָלן ווערן צעפלויגן
די רעיונות פאַרכוימלטע, איינגעשימלטע,
אין מוח ענגלעכן,
מיט אַ נעבולא פאַרצויגן, —
צעפּראַל איך די וויזיע־טיר,
און אימאַזשעניר דורך, מיט נשמה־אויפריר,
די בידנע יאָר — פאַרשווונדענע,
צעצוגטע, געפּלאָגטע, האַרבע,
אין מענטאַל־טאָרבע איינגעבונדענע,
וואַנדער דורך מיט די צעביטענע אָנגעליטענע טעג,
ווי אין אַ טרוים פון אימה־טראַקט,
דעם שטעג לענגלעכן
ביים קאַטאַראַקט־ברעג,
פון קאַטאַקליזמישן תהום.

אַ שאָטן־בילד
נאָך פון מאַמעס הויז,
אין זוויער־העק, אין טרויער־שרעק,
ווי מיט מיר געבוירן,
באַגלייט שטענדיק מיך, אין שנעל־פאַרלירנדיקער צייט,
טוט אָן תרעומות מיט געדולד אין מיינע דלד אמות הויערן,
וואַכט איבער מיין עלנט זיין אין ליכט־שיין,
טאָג און נאַכט,
שפּאַנט פאָרויס
און וואַקלט זיך נאָך מיר,
מיינע שלאַבערדיקע טריט.
אַן אומוואָר־פיגור, געשטאַלטיקט אויף דער וואַנט
אין קוים באַלאָכטענעם חדר,

האַלט כּסדר ווי איך איצט,
די פֿעדער אין האַנט,
זיצט איינגעאָבלט אין סקריבלט,
לופֿטערט־דורך מיט מיר, אויף פּאַפּיר, די יאָרן,
וואָס פֿאַר אונדז ביידע זענען שוין לאַנג פֿאַרלוירן,
און ווערן אין שרייבן צוריק צום לעבן אויפֿגעוואָרעמט,
אין אַ דורכלויף־שליחות
איבערגעשטורעמט.

## ווי געביסן פֿון אַ שלאַנג

אין דער הייך, מחבל־ראָבן אַרומגעטריבן
מיט גיהנומדיקן רויך
דעם הימל וואַלקנדיק פֿאַרשלאָגן: —
קראָם־פֿייגל אָנגעשטויסן מיט האָגל־שלאַקסן
פֿאַראיקליפּסן די זון.

כ'ווער פֿאַרציטערט אין דער הויט,
פֿיל אין האַרץ, ווי פֿון אַ האַרפּון
אַ בריִענדיקן שטאָך,
דערשפּיר אַ לאָך אין חוט־השדרה:
מיט מיין זאַלציקן בלוט־רויט
איז די הידראַ אָנגעזייגט!

די בני־גולם ביי אונדז,
איינגעשימלט אין אַ שלום־תּפֿילה,
מיט אַ חוכא־וטלולה־שמוכל,
פֿון ליגן ניט געשטויגן,
שקר־לויב־שיכּור,
פֿאַרשימערט אין אַ לבֿנה־טראַנס,
זענען טויב
און מבֿולבלדיק פֿאַרשוויגן,
טוען בשתיקה די נבֿלה פֿאַרגלעטן;
ס'זענען ביי זיי אָנגעלייגט
די אין דער שוץ־סוכּה
פּאַעטן, לאַורעאַטן מיט לומדישער חזקה,
וואָס סקריבלען אַ סאָנעט צו דער מוזע,
גריבלען זיך אין ביכער מיט מאָיל־לעכער,
פֿון אָלימפּוס־געטער־פּלוידערן,

און האָבן ניט די העזה ס׳דם־הנפש אויפצושווידערן,
בעת מ׳הערט,
ס׳ווערט איבערן כדור־ערד
פֿאַרזייעט דער אויבן,
מיט אַ פֿייער־רעגן,
סם־שטויבן,
גאַזן־געשריי
פֿון אשמדאי,
מיט אַ פֿינקלדיקן שרויט,
טראָגנדיק דעם עסענץ־בלענד
פֿון שרפֿהדיקן טויט.

# דער בעל־דמיון זאָגט

דער בעל־דמיון
פֿאַרמאַכט ס׳קבלה־ספֿר,
זאָגט: כ׳זאָל האָבן פֿאַרמאָגט
דאָס מראה־ליכט
פֿון עתיק־יומין,
אין אור־באַגינען,
וואָלט איך געקענט דורכדרינגען
די שטן־פֿינצטערניש,
וואָס לויערט אין בליק
פֿון סדום־אָדם,
דעם איש עפֿר
דעם משחית־קוק, ווי פֿון וואָלף און טיגער,
פֿון בלוטיקע קריגער,
אין די שלאַכטן —
וועט מיר ווערן געגעבן זיין
די זיו־טהורדיקע שיין
פֿון דער הייליקער השגחה,
נאַכט־טונקלעניש פֿון שר־חשכה אויספֿלעמלען,
און זוכה זיין באַנעמען שאָטן און ליכט.

ווען איך האָבן די מאַכט
אויסצוהימלען אַ טאָג
פֿרום מיט רחמים,
פֿון אונטער דער כביכול־וויִע
אין וועלטן־איינגעשכינהט.

וועט מיר מעגלעך זיין,
איינצושימלען אין אַ נאַכט

די שטן־ראיה
און דער אשמדאי אַליין,
האַר איבער תוהו־גריבער,
וועט צום שלאָפן אַריינזויפן די וואָלקנס
אויסגעשטורעמטע פון ווינט.
אין מאָרגן־זוניקן בליק
וועט זיך איינשרפהנען די חושכדיקע שרעק
פון תובל־קין הינט
בלינד אַריינגעבילט אין וועלט.

## ס׳זענען צעזאָטן מיינע בלוטן

מיט ברויז־גרויליקן גרימצאָרן אויף די מלחמה־האָרן,
וואָס האָבן אין דורכלויף פֿון אונדזערע יאָרן, ליכטיקע פֿריד־חלומות
אויף אַנגסטיק־פֿינצטערע קריג־מהומות אויסגעביטן,
זענען צעזאָטן מיינע בלוטן.

מיט אַ ווילד צעגאַלט געבריל
איז צעציטערט מיין קול,
ס׳שפּאַרט סם־שוים אויף די ליפּן,
איינגעביטערט אין די ווינקלען פֿון מויל.

אויפֿגעפֿלאַמטע בליצן אין די אויגן
ווערן פֿון האַסיקן וואָלקן פֿאַרצויגן.

מיט שטאָל־שרפֿהדיקע אָל־שפּיצן
ווילט זיך אַריינגליִען רויט
אויף מחבלים־שטערן
אַ ווונד־בראַנד צו ווערלט
קין־בזיון אין פֿיל־מיליאַסיקן טויט.

שנאה בייזע זידט אויף
אין די צעקאָכטע בלוטן,
אַ דאַמף מיט אַ הים־האַס
איינצונעפּלען דעם וואַנזין־טומאַן
פֿון אַנגסט־משוגעת,
במקום לויכט־חלומות אויסגעביטן.
ס׳קומט אויף צאָרן־ברויז
ווי אויסצוקאָסען ס׳ווילד־גראָז פֿון ווערלט־געוויסן.

## האָט ניט פּאַראיבל

האָט ניט פּאַראיבל
וואָס כ׳פּעדער זיך קאַיאָר,
אַ ניט אויסגעשלאָפענער
פון אויפטרייסלעניש אָן אַ שיעור,
טראָג זיך אַרום אַ טיף געטראָפענער
מיט דורכגעזאָטענע רייד
פון פייער און שוועבל,
לויף איבער שטיבער מיט צעעפנטע טירן,
פון אַנגעליטענע,
פאַרפירטע און ווי פון זינען געריטע,
כ׳טרעף אין די פראַים
ווי פאַרן מבול, אויף קרום-וועגן געאירטע —
דיבורים מעסערדיק-שאַרף,
פון ברִיענדיקע לעפצן אַרויס
און קריג צוריק פון די צעלאַכטע און צעקרעכצטע,
בייז פאַרביטערט אַ נאָכוואַרף,
אין קאָפּ טשערבענע טעפּ
צעלעכצטע.

בין איך עוקר
איינגעקוויטיקט, פאַרבלוטיקט,
ווי אַ שיכור
איבער טומלדיקער גאַס
מיט דור-הפלגה-לשונות.

ס׳האָבן פרעמדע רחמנות —
פאַרבינדן די וווּנד,
פירן צום הויז

מיך, דאָס בלאָס נעבעכל אָן שכל,
וואָס בין ניט מוחל די פּשעים.

מיך ברענט,
אָן אַרויסגערופענע, טריפהנע
אָנגעהייצטע זינד,
איינגעפּלאַקערט אין זעל —
טראָגט עס מיך מיט האַרצן־ציפּ,
מיט שטראָף, צום ערב־רב אין דלות־טאָל,
און זאָג:
אין טיפעניש כ׳טראָג
אַ בליציקן צאָרן
פאַר אייערע האַרן
פירער־רעגירער מיט עוונות פול,
פאַלט ער דונערדיק שווער,
אין פאַרדאַרבענע און אָפּגעשטאָרבענע נשמה־ווינקלען,
האָגל־ווערטער ניט צעוואַסערט
האַסיק אַריינגעמוסרט
מיט קיטרוג־לשון אַרויסגעיערט, געגנידריקט צו דר׳ערד.

## פֿאַררעדט מיר ניט די ציין

פֿאַררעדט מיר ניט די ציין מיטן „פּאַסאַם און טעררים",
ווינטשט און בענטשט מיך ניט
צו האָבן גענאַשט צו זעט
פֿון די מאָן־טאָרטן,
געמאַכט פֿון „האָניק־פּרוכט"
אויס דעם דעמאָן־גאָרטן
מיט בייזקייט איינגעפֿלוכט.

כ'וויל ניט זיין פֿון אייך פֿעט
לאַקרעצדיק געפֿלעגט.
אָן אָפּל־־צווייפל איז אַרויסגעפֿרעגט
פֿון מיין אומרו־בליק,
ווען כ'זע פֿון תובל־קין דעם מחבל
די פֿייערשטיק געפּראַוועט
אין זיינע בוזעם־וויסטענישן אויסגעכאָוועט.

איר, מיט גלחיש פֿרומע יויזל־מאַמע אויגן
הימלדיק פֿאַרגלאָצט.
זאָגט
אויף די קראָען צעבליצט:
דאָס זענען טויבן דורכגעפֿלויגן,
פֿרידיק־שלווהדיק צעפֿלאַטערט.

בייזוויליק צעוויטערט
פֿרוווט רוח ווילדער
אַ תקיעה בלאָזן,
אין שופֿר המשיח.
ניט אַ תחית־המתים־שאַל,

נאָר אַ ראַזבאָי־געוואָי,
איבער פּוסטע פעלדער
מיט קברים פאַרלאָזן.

שטאָלענע יאַסטרעבן,
אָנגעלאָדן מיט מעגאַטאָן
שטאַרב־שטויב,
שוויפּטשען אַראָפּ פון אויבן,
אַ נעפּל־געשוויבל מיט אַ לישנדיקן פאַרטויב,
פון אַ מוות־הים, וויסטונג־געוויין —
און איר אבלים, רודפי־שלום —
אויג פאַרטרערט, זיצנדיק אויף דער ערד
קעגן פאַרדעקטן שפּיגל,
עסט אש־בייגל מיט התמדה
פון דער חורבה־סעודה.

זאָגט:
זענען ניט די פייגל
מיט גרילציקן צעשריל
משחית־קאַווקעס, פון וואָראָנע־מין,
סאַטאַניש צעבליקטע אַרויפגעשיקטע,
פלאַמיק צעטייוולען פאַרשוועבלען און איינאָבלען
ס׳האַרץ פון דער וועלט?

איר בעבעט נאָכן טרויער־ברויט
אַ צביעותדיק געבעט.
זעט, אָנגעשלאָגן מיט טויט
אין אַ דאַמף־ווירבל,

מחבל נאָך מחבל אין ווילד געשוויבל
דעם שלום-חלום
איבער דער הייך
אין פלאַמענדיקן רויך צעטראָגן.

רויט פאַרכמאַרענדיק די הימלען.
מיט פלאַקערדיקן אַנלאָד
איבער שטעט באַזעצטע —
זיי וואָרענען, צערענען,
מיט הרס-גבורה
דורך שטויביק-ווירבלדיקן געוואַלט,
אין אַן אייביקער קבורה
איינממיתן דאָס חיותדיקע בלי-פּעלד
פון עולם-געשטאַלט.

## אַ פֿאַרמשפּטער

ס׳מראָהט זיך אַרויס פֿון נאַכט
די פֿאַרפֿרײַקע שעה,
קאַיאָריק אויפֿגעריכט.

ס׳וויגט אויס דער זייגער־אומרו
דאָס טיקן פֿון אַנקער
אויף שטייג־ראָד־צאָן
רגע נאָך פֿאַרלוירענע רגע
און דערנענטערט דאָס אויפֿשאַרײַען
אין וואָלקנס צעאַקערטע
גלי־קנויליקע זון,
אַ פֿאַרשיכורטע
פֿון איר זיו —
געוויקסן מיט טוי־באַטריף
וואָרעם לאַשטשענדיק צעבלײַען.

שטום שטיל אין תּפֿיסה־צעל
זיצט אַ רוצח,
זײַן האַמערדיקער מוח
ציילט די מינוט,
דעם זעץ פֿון בלוט
אין אָדער צום האַרץ פֿאַרקנופּט,
וואָס טשאָכקעט און ציפּט.
אים שרעקט,
דער זדראָכענדיקער מאָרגן,
אַנגסטיקע געשטאַלטן, ווי כימערעס, ווערגן.

ער דערזעט
מיטן חושך־בליק
דורך שמאָלן פענצטער
דעם צעפּלאַמטן פאַרטאָג —
אין הימל־ברעג
איינגעוואָלמט,
דעם צווינטער אַרויסגעהילט
פון דער פינצטער,
דעם אויפגעשיינטן וואַלד — ליכט און שאָטנדיק צעשפּילט,
די תליה — פאַרגיהנומטע רויט —
אויפגעשטעלט.
און שעפּטשענדיק ער בעט:
נעם מיך צו גאָט, נאָכן טויט
אַ פיל־מאָל געפּאַטשערטן,
אויסגעמוטשעטן,
אָבער און איבער געצלמט.
האָב מיך ניט פאַרטריבן מיט אַלדע רוחות,
פון די שוואַרציאָרן אָנגעקליבן,
אין די געוויכער־לעכער, פון שחת ניט באַלאָכטן.

## צו אַ קומענדיקן דור

פאַרן קומענדיקן דור,
ווען אַמאָל, אַמאָל,
אויף אַ ציטער־לירע,
דער גאַסן־טרובאַדור,
מיינס אַ זמירה אין שלום־ושלוה־טאָל
אויסזינגען,
האָבנדיק אין ווייטע מקומות
אין אַרויסגעוואָרפענעם בוך,
צווישן אַלטע שיימעס און פאַרשימלטן לוח געפונען.

דורך נגינה
פון זיינס אַ זעל־שטראַל איבערשפּינען
אַ ליד מיינס
אין די יונגע יאָר מיט אַ שבח,
צו אַן אויפליכטיקדיקן פאַרטאָג,
נאָכן שחר פאַרשווונדענעם,
וואָס האָט צעוועקט פייגל מיט שירה
אין גאָלד־צעצונדענעם וואַלד,
און מיך אַהין קאַיאָר געיאָגט מיט אַ יראה
צו השתפכות הנפש פאַרן בורא —
דורך אַ מלה במלה אַרויסגענשמהטע תפילה,
פאַר זיין הוד־והדר־סוד,
צעגליִענדיק אין מיר ס׳בלוט,
אין פרי־איינגעשושקעטער שעה
פון מלכותדיקער רו.

ער וועט אויך, באַגלייט מיט פרומלעכן אונטערשפּרונגען
אין געזאַנג אַרויסברענגען
אַ פּאַר־אָוונט־צייט,
ווי דער האָריזאָנט די ראיה פאַרבלענדט,
מיט אונטער־טייכן, פאַרגרויזעטע אין שימערדיקע ברעגן.
אַ זריחה אַריינגעבליצט
מאת לעשנדיקער זון
אין הון דעלמא
פון דער השגחה.

## ווי ליכט־בענטשן

ווי ליכט־בענטשן פרוּוו איך אַריינניאַנטשען
קאַיאַר־אוֹר
אין יעדער צעל פון מיין זעל,
ווען פרי־עופל, פון ערפל־טראַכט,
אין זדראָביק־מאָרגנדיקן שאַרין
טוט אין אַ טאָג זיך אויסבר:ען.

כ׳פיל צום אָראַנזש־העליקן,
איבערן טאָליקן אויפגאַנג,
האָבן אַרויסגענשמהט אַ געזאַנג,
שחרית אָפּגעריכט
מיט אַ שיר המעלות־געדיכט.

ס׳נפש צו דערלובען
גלוסט צו זיפּן פון זיו־כּוס,
ווי פון געפּרעסטע שמירה־טרויבן
הייליק־שפּרודלדיקן געטראַנק
מיט אַ ריח ניחוח
פון אַ שוימיקן אויפברויז,
ווי ס׳חיות פאַרשיכורט.

עפּעס איז אין מיר צעדאַוונט
בעת ס׳שימערט אויף דער פרי הימליש צעפלאַקערט,
און ס׳דעמערט פאַרן אָוונט,
ווען די שקיעה לעשט זיך אוים
און לאָזט איבער
פון איר צונטער־רויט,
ווי שייטער צעגליט

מיר אַ ציטערונג אונטער דער הויט,
און שעהען שפּעטער
אין אַן אַרויסגעשעפּטשעט ליד:
אַקעגן לבנה-שיין פון אַ וואָלקנדל אַרויסגעקאָפּטשעט
אין דער טיפער נאַכט אַריין —
ווייט צעשטערנט,
מיט קאָסמישן ליכט.

# מאַמע ערד

אדם יסודו מעפר וסופו לעפר

אויף מאַמע־ערד,
אין איר אָרביט אַרומגעקרייזט,
ווערסטו געבוירן, וואַקסט,
בראַנעוועסט, אַקערסט,
זייעסט, שניידסט,
אירע פּרוכטן עסט,
וויינען פּרעסט,
מאַסט פּאַרזיסט,
שיכורסט —
די נאַקעטקייט הילסט
אין פעלדיקע לאַנען און אין פלאַקסן־טוך.
אָטעמסט צעצוויטערטן ריח מיט שאַרף פאַרשידענע גערוכן,
פון אירע קוואַלן טרינקסט,
קילסט גוף אין אירע טייכן.

אויף ערד טוסטו זומערן, ווינטערן און זי פאַרצווינטערן.
איבער וועגן דורכגעטריבענע און געטרעטענע גייסט און ווייסט:
אַלע מיר באַשעפענישן אָן אַ שיעור,
מיטן אור־החיים אָנגעצונדן,
כל הברואים, טהורים און טמאים,
זענען מיט איר שורש פאַרבונדן,
וועלן נאָכן נשמה־אויסברען
זיך איינאַשיקן אין דער אדמה
און מיט כוח פון זוניקן אָנהייצן,
איבער וואַלדיק געבערג, איינגעטיפטע טאָלן, גראַזיק אויפשפּראָצן.

איז אונדזער פליכט
מיט די חומרן אַן כדור־עפר זיך קלאַמערן,
רוחניותדיק פון דער מעשה־מרכבה טראַכטן,
זוכן אין דער טונקל דעם אור־פינקל
אין אַ שטערן צעגליט,
צו וואָס נשמה ציט,
מיט אַ לעכצן ביזן אייביקן שלאָף —
צו דער הייליקער גרויסקייט אַרויף.

# מיט אַ פּייערל אין בליק

מיט אַ מאָדנע בליץ-פּייערל אין בליק,
ווי פון פאַרפלוכטע שלאַנגען,
כ׳צאַפּל אין אַ וויגל
פון לונאַטיק-שרעק מיט דעמאָן-שטריק,
אויף וואַקל-נעגל,
אין חושך-חלל אויפגעהאָנגען
איבערן אָפּגרונט-נעפּל —
אַרויפטשאָדענדיק אַ גיפט,
שאָקל זיך און פּלאַפּל
אומזיניק געשטראָפט.

ס׳וועפּן זיך אוים
שווייסיקע טראָפּן,
אַנגסטיקע אַרויסגעזעצט
אין אַ גליווערדיקער קעלט.
הוריות-ווילד,
פּראָסטיקן דאָס בלוט פּחדיק צו דראָזשען,
מוראַשקעס אין מוח-גריבער שוויבלען,
גריזשען און צעדריבלען דעם מאַרך,
אין פּיבער איינגעהיצט.

כ׳פּיל אַ שפּיזלדיקן שטאָך,
אונטער נעגל און הויט,
ווי אַ מינוט פאַרן טויט.
אויג צעגליט זעט
ווו ס׳לויערט שד אין דער תוהו.
אוים מולך-אייוון שחת-רויכעס אַרויסשוועבן

אין וואָלקנס גרויע,
פון אויסגעפּייערטע לעבן.

אין הענגל-וויג, אויף חסר-דעה-שטריק צעהוידעטע אין גערױנגל,
מיט דעם אומרו-רע אין נפש איינגעסודעט,
דערפּיל איך אַ גאַל-גולע, טערפּקע האַרב,
שטיקט אין האַלדז ווי ביי אַ בעל-גסיסה פאַרן אָפּשטאַרב,
אַ טויטלעכער ביטערזאַלץ-טעם אין מויל.

פון שטן-רוח אין זיין תפיסה-באַזיץ
אַ מיאוסער פּעסט-געררוך עיפּושט אויף פויל,
ווי פון חולה-קעץ,
מיט גלי-ווערעם אין די געדערעם צעוואָרטשעט;
ברען-וואַנזין
אין מוח מיר מיט גלי-שפּיזלען איינגעקריצט,
פון אויגן מורא אַרויסגעבליצט,
אין אַ פאַרחושכטער הוידלקע אויף משוגעת-שטאַנגען
אויפגעהאָנגען וויגנדיק, אָפּשפּיגלענדיק און אײַנזיגלענדיק
טיף אין געהירן
צום אָנדענק
די פאַרשאָלטענע גרויל-שפּילן,
פון רוהות שונאים אין אונטערשטן שאול
מיט גיהנום-קויל געמאָלן.

## דער משיח־רעיון

דער בעל־חוזה, אַ פּאַרטיפֿטער אין מחשבה,
ניט דערוואַרטנדיק זיך אויף די ימי־גואל פֿון עתיד־לבוא,
האָט אין איבערשטנס נאָמען,
אַ הזיה־חלום וועגן עולם־הזה אין דמיון פֿאַרטראַכט:
אין נעכט מיט זוניקן ליכט,
וועלן פֿון אַלע באַרטן אַרום די שבעה־ימים,
פֿון בני ישראל, די אנשי תמים,
שפּאַנען איבערן וועלט־גאָרטן, אַ צעבליטן מיט מירטן און בלומען.

די פֿון תחתיות צו תחיות אויפֿגעשטאַנען,
נאָכן תשבים אין שופֿר־בלאָז, וועלן פֿון די קברים אַרוים,
אויף סטעזשקעס פֿון שכינה־שיין,
זיך שלייכן משיחן אַקעגן, אים מקבל־פּנים זיין.

די תחינה־זאָגערין, ציילנדיק ווי פּייער־מאַרבל אין אַ קערבל
געפּאַלענע שטערן, וועט אין איר וואַנדער דערהערן קינדער
זייגנדיקע אין די וויגן נביאות גוגערן
פֿון אַ שלוהדיקער צייט, מיט נסים ונפלאות באַגלייט.

פּראָסטע לייט וועלן ראוי זיין צו זען:
דורך צעשטראַלטע שויבן,
פֿון איינגעגילדעטע דירות,
שלום־טויבן בשורות טובות ברענגען,
טרויער־פֿייגל שפּרינגענדיק אויף צווייגן זמירות־זינגען —
שוואַרצע ראָבן, תמיד צעקראַקעט בייז,
נאָכן ליניען זיך פּעדערן ווייס.

אַרום זיין היים אין שטן־גאָרטן אונטערן נחש־בוים,
ס׳אַ פינצטערע נאַכט,
לבנה און שטערן אין אַ שווערן וואָלקן איינגעדיכט,
דער בעל חזיון אין זיין רעיון פאַרשיכורט
פון דעם טרוים אויסגעטראַכט:
שטייענדיק צווישן עץ־קוצים, ווערט פלוצים,
ווי פון שלאַנג געביסן, ניט צו פאַרגעסן,
אַז אין ערד האָט זיך נאָך ניט איינגעאַקערט די שווערד,
צו האָבן פאַרזייעט ס׳קערנדל אויף שטרודל, פלעדל
און טאָרטן־ברויט.
ר׳דערזעט נויט
יעדן טאָג, שעה און מינוט.
פון צעשטורעמטער צייט,
ווערט צעטראָגן דורך וואָרט
צעכוואַליעט פון נאָענט און וויט,
דאָ און דאָרט פאַרגאָסן בלוט.
אין קריגס־פעלד טאָפּטשעט טויט־סקעלעט,
קאָסעט אין דיאַבאָליש לאַמענטישן ווינט
ווילד־געוויקסן,
פון יונגע מתים אַרויפגעוואַקסן.

## דער מטורף

ס'האָבן וואָלקנס אָנגעיאָגטע
מונקליש פאַרשלאָגן
די בערגיקע געגנט,
שטורמיש פאַררעגנט,
דונערדיק פאַרהאָגלט.

מיט אַ קדחת־געוואָרף אימהדיק געפּלאָגטע,
פון אַלדע־רוחות אָנגעטראָגן,
איז אַ מטורף פון ערגעץ פאַרוואָגלט,
אין אַ שלימפּער צעריסן, אָן כוחות,
ווילד אַרומגעלאָפן,
פון שגעון געברענט
געקאַזוּוטשעט ווי אַ הונט;
גרויל — קריכערס צעפּוזשעט
האָבן דעם אינגעווייד געגריזשעט.

פון פּיין אין די געדערעם
האָט ער מיט פאַרפוילטע ציין
ביז יסורים
די פויסטן געביסן,
מיט רוי־געוואָי און וועלפיש צעגלאָצטע אויגן,
איבער דער תוהו, ווי אַ חיה —
געיאָגט, אויפגעציטערט, איינגעבויגן,
אין לאַכעס פאַרנעצטע, אָפּגעשליסענע אַרבל
אין נעפּל־געווירבל,
קנעטנדיק אַ סטעזשקע אין בלאָטיק, צעיווירענעם ליים.
מיט קויטיקע באָרוועס־פיס,
אַרויסהוסטנדיק כריפּענדיק
אַ בלוטיקן שליים.

## לאורא לי

פון ציקל פּאַשאַגאַדן

קוילערסט אַראָפּ ווי אַ שטיין פון הארצן
דעם אינקובוס * שוואַרצן
אין חושך איינגעריסט,
וואָס פּרעסט אויף נשמה שווער;
ס׳לויטערט זיך וואָלקן־קוק שפּיגלענדיק אין דיר,
צעשטראַלנדיק די צייט —
לילי־מויד,
מיטן פיבער־מעסטער,
אין צעפליגלטער הויב, ווייסן קלייד,
קראַנקן־שוועסטער.

ס׳האָבן ניט איין מאָל אין שפּיטאָל
די קרילעס פון טויט
איינגעפּאָכעט אין חולה אַן אפלה,
אַריינגעשפּיזלט גיפטן־אַל
צו פאַרחלושן אין אַ וויסטן שלאָף.

אַז ר׳כאַפּט זיך אויף פון ווירוואַר־קאָשמאַר,
אָטעמט איין דעם ריח פון דיין גוף,
דוכנט ער מיט אַלע כוחות
אַרויסגעבענטשטע ברכות
צו מוטער־ווייב,
וואָס האָט דיך אָפּגעהיט, אויסגעבריט און פון לייב
אַרויסגעבערט.

* דיבוק

לאורא לי! ווי יעדן מאָרגן־פרי
אַ פריש אויסגעבאָדענע אין אַ זוניקן טוי
יונגפרוי, מיט בלענד־בלאָנדיקן שויבער —
אַ קרוין און חן־צויבער צו דיין ווענוס־געזיכט.
פון אויג־בלענצל אונטער שאָטנדיקע וויִעס
בליצלען אַרויס רפואות מיט רחמים צעזריחהט.

חלום־רויז פון חולים־הויז!
קוקט מען אויף דיר מיט די גאָלד־צעבאַרשטע האָר פון אונטער דער הויב,
ווערט זעל געליימטערט,
כמורנע שאָטנס פון ראיה — צעהייטערט.
זיי געקושט,
דו, וואָס ברענגסט בטחון צוריק
מיט יעדן לאַשטשענדיקן בליק.
ס'שיינט אויף אין חולהס מאטן שאָטן־קוק,
אַ זאַכט היילונגס־ליכט,
לאורא לי.

## אין טראַנס־פאַרגיין פון אַן „עאָן”

אין טראַנס־פאַרגיין פון אַן „עאָן”
בתוך ליכט־צוג פאַרלוירן
פון פילציפערדיקע טעג,
ווען איך וועל שוין זיין
האָבן געווען איבערגעבוירן —
אַ גלגולדיקער אָפּשיין
פון אַ פייער־פליג,
פון אַ טוי צו דער זון
אַ בלישטש צוריק,
צו אַ ווייטן „אסטראַל”
אַ בומעראַנג־ווונק פון אַ פליטערל שניי,
אַ בלענץ אויף אַ סערף
פון ערגעץ אַ שטראַל,
אַ בריליאַנט אויסגעפלאַמט אין אַ גרידקע זאמד;
כ'וועל האָבן געווען
בבחינה אַ פאַרלוירענער זיפץ,
אַ פויגל־שוויפטש,
דער טשירפּ פון אַ גריל,
אַ טאָן פון אַ פידל פאַרשלאָסן אין אַ שיידל
פאַרפעלט
צו ווערן אויסגעשפּילט.

ס'קען זיין,
אַז ביים ים, ערגעץ ווייט, אין איינזאַמקייט,
וועט דאַן פרום
עמעץ „מעדיטירן” —
פון אַ לבבה־מחשבה
זיך לאָזן פאַרפירן:

אין געליישטע פאַרנאַכטן,
זיך גילדענע עולמות אויסטראַכטן,
זען ביי נאַכט אין אַ וואַסערדיקן פאַרשווענק
די סאָמנאַבוליסטין לבנה,
אין איר טבילה־פאַרזינק,
וויט צעגלאָצט
די הויכן וועלן גרייכן
ביטערדיק זייגן דעם פּיין,
אַריינשווייגן אין זיך
דאָס קיומדיקע זיין,
צאַנקענדיק, בענקענדיק —
ווי איצט איך.

## שורנאַ־לי

פון ציקל פּאַשאַנאַדן

דו שמייכלדיקע מויד,
דיינע אויגן בלאָ
פון גליק
מיט אַ לוסטערל צעבליצט.

די האָר צעפלאַמט רויט
שויבערדיק צעקעמט.

אַ לילית־לאָק,
ווי אַ פייער־האָרן אויפן שטערן.

דאָס נעזל פאַרשפּיצט
מיט צערייצטן חן.

די ליפּן קאָראַל,
אַ מויל מיט פּערל־ציין.

בריסטלעך שטייף, רייף,
פול מיט לוסט
פון כלות מיט בתולה־תאוות
אין צעגליטן בלוט, ווילד און להוט.

אין דיר זיך אָנצוזויפן
מעג מען ווי אַ שיכור לויפן
צו וועלטן־עק,
ווו די זון פאַרגייט
שימערנדיק פאַרשייט.

דאָ ביים ברעג,
איז אין קנאה־שנאה,
צעשׂטנט די שלאַנג.

גלוסט מיט שפּיל־כלי אין האַנט
אַריבערצושפּרונגען
דעם הימל־ברעג, אין יענער זייט זוניקן בראַנד,
און פאַרבלענדט,
הונדערט מאָל, טויזנט מאָל
איבערזינגען
אַ שיר
צו זון־שקיעהס פלאַקערדיקן פאַרבלי,
צויבער־צעגערנדיק
לאַנג פאַרקוקט
אויף דיר,
אין שטראַלן
פון בענקענדיקן שיין,
ניט גלוסטנדיק צו פאַרגיין —
שורנאַ־לי.

## פאַרזוימטע תפילה

תפילה פאַרזוימטע,
אַרויסגעפּלאָמטע פון נשמה
צו דער מלכותדיקער הייך,
בעת לבנה פון אונטער אַ כמורל אַרויסגעהעלט,
שפּיגלט זיך אָפּ אין טייך מיט דער בלאָער שטערן־וועלט.

ציטער־אויף, מיין אַרויסגעמורמלט געבעט,
צו דער השגחה, אין איר הימלישער זריחה,
וואָס באַלייכט די מידבּרדיקע מקומות מיט אַסטראַ־קעלטן,
אַריינפינקלענדיק אין אייז גולמות פון אוניווערז,
פלאַקער־מהומות צום קיום אָן אַ סיום
אין עולמות זיך צו געשטאַלטן.

שוועב אַרויף, מיין לויב, אין דער שפּעטער שעה, צעהלל זיך
פון מיר, דעם חוני־המעגל,
פלאַטער אויף זעפיר־פליגל צו די אַזור־הייכן פון קאָסמישן שטויב,
וואָס פאַלט צעשטראַלט פון אַ שימער־נעפּל
אין מרחק־וויסטעניש פון חלל,
צו פאַרזייען זיך אין די פאַרוואָלקנטע גאַלאַקסן,
ברען־גלאָבוסן אויסצוּוואַקסן,
פּלאַנעטיש אָרביטיק זיך אַרומצודרייען.

גיי־אויף אין ליפּ־געפּערל,
דאַווען זיך אויס
פון הארץ און זעל,
ווי אַ געל פלעמל אין דער פינצטערניש,
פון אַ פּאַספּאַר־קוויטל אַרויסגעלאָכטן
צווישן ווילדוואַלד־גראָז.

פליסטער זיך אַרויף פון דער טיף,
ווי דער אָטעמדיקער הויך פון בלומען און שוועמל־ריח.

טראָג זיך בכוונה, תפילה מיינע,
צו מרומים גיך
אויף לבנה־שטראַל,
אַריינגעבויערט אין טייך,
און פון איר דאָרט הייב זיך אַרויף ווייטער,
אויף שמות־לייטער, חלום־זייל, שכינה־ליכט,
וואָס זוכט, דעם רוחניותדיקן שטייג־וועג
אילע חשכותן דורכשלאָגן
און זיך אַריבעריאָגן
צום מקור אין שמי שמים פון אור הימים.

זיי מעלה, מיין שפּעט־פאַרזוימט געבעט,
שעפּטשע זיך אַרויס מיט פּיעטעט
צום בורא כל עולמים,
צעשושקעט ווי דאָס זעפיר־ווינטל,
מיט בשמים־ריח
פאַר די אנשי־משיח אָקעגן אויסגעשטערנטן ליכט,
אין התבודדות סודותדיק פאַרטראַכט.

## ראַפּסאָדי „2"

כ׳שפּיפּטשע האַרציק צו
צום פּיקאָל, ווי אַ פֿויגל צעטרילט
אין אַ וועלקנדיקן וואַלד, אָן שוועמל, גראָז-בלימל,
אָסיענדיקער הימל גראָ-נעפּלדיק פֿאַרשוואָלן,
ווי ווינטלדיק וויאַנענדיקע בוים-בלעטער פֿאַלן.

כ׳ציטער-אויף פֿון די צעפּלאַטערטע קלעזמער-סטרונעס,
וואָס פּיבערן אויס אַ ווידערקלאַנג אין די רעיונות,
נאָך די ראָזאָווע לויכטנדיקע טעג.

ס׳ציִען דורך אין געדאַנק,
ווי מהומות אין וואָלקנס צום שקיעת-השמש-ברעג,
חלומות, אויסגעטיקט אין נפשדיקן בלוט,
פֿון זכרון אַרויסגעגליט.

מאַרך-פֿליגן זויגן אויס פֿון דמיון-רויך,
אַ פּיין, בעת דער טרויערדיקער פֿידל-טאָן,
אַ געמיש מיט באַס-מאָנסטערניש
ציפּט דעם אָדער אין עגמת-נפש איינגעקנופּט,
ווען ס׳לעשט זיך זריחהס לעצטע, דעמערנדיקע מינוט,
אַנטונקלענדיק די פֿינצטערניש.

פֿאַרכישופֿטער לונאַר-קול פֿון פּייפּיאָל היפּנאָטיזירט,
ווי פֿון אַ קאָסמאָס-שאַרלאַך-זייל,
פֿאַרלוירענע ליכט, טועהדיק אַראָפּשימערירט.

ס׳פֿאַרטראָגט מיך שטילע פֿאַרדביקהטע תּפֿילה
פֿון וואָגלענדיקע נשמה, זוכנדיקע נחמה,
אירנדיק און פֿאַרפֿירנדיק צו אַ צעפֿינקלטן גלאָז-שלאָס

אַקווּאַ-מאַרין-בלאָ, ווי אַ „קרוין-בתולה",
ביים פענצטער צוגעשפּאַרט, וואַרט אין שפּעטער שעה,
אויף איר וויזיאָנישן אַריאַלישן העראָלדן-ריטער,
וואָס דאַרף פון אַסטראַל-געגנט,
מיט מעטעאָרן וואָס גליִען צערעגנט,
אויף מלאך-פליגל פייערדיק אָנפליִען.

אַקעגן אויף להכעיס, אין זילבער אַזערע אָפּגעשפּיגלט,
אַ „וואַסער-רוחל" מיט בליצל
אַ גלאַנץ-מעשה פאַרפלעכט,
פון אָפּגעקילטע אויסגעשפּילטע פולע ירחי-נעכט
מיטן שטערן-גליק אַוועק.

פלוצים כ׳ווער צעוועקט
פון אַנגעווינטלטן האָרן,
צעשאָלט מיט מכשפה-געוואַלט,
אַ צאָרן וואָס שרעקט.
און ווידער,
פּישטשענדיקער ניגון פון בויגן און סטרונע-געוועב,
אויף קלעזמער-כלי מעסמעריזירט מיך, כ׳שוועב,
צו אַ הויך-בלענדיקן משופּע-שפּיץ
פון אַן אָפּגרונט אַ וויסטן: —
ווי אַ דלילה-סאָמנאַבוליסטין
אויף וואַנדל-שטריק,
מיט צעפלאָסענע האָר,
שפּינט אַריין אין אַ טרוים-נעץ
פון זילבער און גאָלד
אירע פאַרטונקלטע יאָר.

די ווייאָלאַ אַ פּאַבולאַ
פּאַרטרויט דער מחשבה,
דערציילט ניט געאיילט
פון אַ וואָגלער־פּרינץ
איבער וועלדער, פעלדער אין קריגס־קלייד
זשאַווער־שייד און קיווער,
זוכט ביים לבנהדיקן אָפּשיין,
אין פינצטערן זוויערס גאָלד־געצעלט,
פון אין טרויער אַ פּאַרטערטע זיין ראָיאַל־באַשערטע,
און טרעפט קנאהדיק געפּלעפּט,
אין אַ געשפּענסטער־ביידל
זיין קעניגלעכע מויד —
אַ פּאַרשאָלטענע קאַץ,
וואָס מאַניעט מיט ברענענדיקן בליק
און וויגנדיקן ווידל
דעם וויסטן לץ פון טויט־פּעסט און חושך־פּרעסט.

ווי אַן אָדלער כ׳פליגל
אויףווינט־קרילעס פון זעל
איבער אַן אָנגעפּלאָסענעם זומפּ,
יאָג איבער בערג און טאָל,
צו אַ ווייטן לאַנד פון אויפשפּראָצנדיקן טאָג,
ווו מ׳געפינט
די פּאַרכישופטע הייל
מיט דעם אַלאַדין־לאָמפּ.
דורך שפּרונג, אָטעמדיקן הויך און פינגערדיקן באַריר —
פון אַ חורבה איינגעפאַלענע פּאַרשאָטענע ווענט,
ווערט אַ בליץ־פּאַלאַץ

מיט זילבער און גאָלד באַצירט.
דער אַלטער בעטלער־שד נאָך יוגנט להוט, טראַנספאָרמירט,
אין אַ רייך יונג־באַבערדלטן שייך,
און האַרעם־מיידן, נאַקעט און אין זיידן,
צערייצן זיין וואַרעם בלוט.

אַ כאָראַל־לאַמענט
ליטורגיש געזאַנג
טראָגט די נשמה אין מיר,
אַריבער צעצונדענעם האָריזאָנט,
נאָכצושאָטענען די געשטאַלטן
אויף די ליקוי־חמה־וועגן
בלאָנדזשענדיק ערב־נאַכט,
אין די וועלטן:
צעהאָנגען אין אַ נעפּל־מבול,
אין יענער זייט,
וווּ ס׳ווערט ס׳אַש פון פאַרברענטער צייט,
צעבלאָזן פון ווינט
און זיי טאָפּטשען,
און צעשטופּן די סאַזשע
וווּ ס׳זענען די מאָרגנס
נישט צעשחרט.

כ׳שוויפּטשע צו,
מיט פאַרכריפּעטן האַרץ,
און איינגעכמורעטער זעל
צום פּייפּיאַל און פּיקאָל,
אימיטיר נאָך דעם פויגל

אין אַ וועלקנדיקן וואַלד,
ווו בלעטער אַראָפּגעווינטלטע פֿאַלן
און ס'טשירפּען גרילן.

כ'וויין זיך אַריין
אין פֿידל־טאָן,
וואָס טראָגט זיך אַוועק
אַהין,
ווו ס'איז איינגענאַכטלט די זון
און אויף די טונקעלע וועגן
זקנהדיק זאַט אין יאָרן,
שלייכנדיקע אָדם־פֿיגורן,
מידע איבער ערד־גרידע,
גרוי־שטויביקע בלאָנקען איינגעהייליקט אין אַ חדה
מיט פֿרום איינגערעדטן גלויבן —
די אויגן צו די הימלען געהויבן,
זוכן אין די הויכן,
דעם גן־עדן־וואָגן,
אַוויאַטריש צו פֿליִען,
ווו שכינה־ביימער בליִען,
אין די ליכטיקע וואַלדענישן אָפּצורועַן.

## דער צעפּיבערטער געדאַנק

ליגנדיק אין בעט, זיך וואַלגערנדיק אָן שלאָף,
באַטראַכטנדיק צעשרעקט
וואָס ס׳וויזיע־אויג נעמט אויף, דערזעט אין דמיונדיקן שיין;
דער דופק פּולסירט שנעל,
ס׳האַרץ פאַרקווילט, פון ווונדן ניט אויסגעהיילט,
ס׳ציטערן אויס די רעיון־פעדעם,
אַ וויטיק־טריל,
וואָס צעצאַפּלט אין בלוט
כוואַליעס הייסע.

פייער־פיבערס
צאַנקען אַרויס צינד־געדאַנקען,
פיבערן אַרויס פון חשכה־תהום באַהאַלטן
געשטאַלטן אָן אַ שיעור,
זינדיקע פינצטערניש פון פאַרשדימטע צורות
מיט גרויל־קויל־פאַרב,
אין שאַרבן איינגעמאָלן, פאַנטאַזירן זיך אַרויס.

וואָס פאַרא שייכות האָבן צו מיר די רוחות אין שלאָפלאָזע נעכט?
ווער האָט אין לעבן מיר זיי אַריינגעטריבן?
אַ ניט דערשלוכצטער כליפּ צעצוקט די ליפּ,
אַ פּחד אָקערט אין מיר זיך איין,
כ׳באַטראַכט שאָטנס אויף די ווענט,
זע ס׳גוססדיקע אויסגיין
פון אַן אויסגעטאָפּעטן ליכט.

די פייער־קנויטן פון זעל
וואָרצלען אין נפש־טיפעניש

זייגן מיט פלעמלעכן בלענד,
די טערפּקע ביטערניש
פֿון אָנגעקוועלטע פֿון דער גאַל —
זיי וועלן אויסלעשן זיך,
און געל פֿאַרוואַקסיקן דאָס געזיכט.

# געוויסערט אויף אַ שטראָם

געוויסערט אויף אַ שטראָם
צעבוימטעטע כוואַליעס
מיט אַן אויפגעזאָטענעם שוים —
כ׳ווער געטראָגן
מיט אַ כליפּ
אָטעם ניט צו כאַפּן.

כ׳בין געריי‌צט
פון ווייט פאַרשווונדענע, צעפלאַמטע,
שטימונג-וווּנדן,
לאַנג שוין דעם עבר פאַרפלייצט,
אויסגעדעמפטע דורך דער צייט,
איצט פאַרזוימטע,
מיט אַ גלי ווידער אין דיסטאַנץ אָנגעצונדן.

וואָס זאָל איך זאָגן?
שעפּטשען
מיט די בלייך-ציטערנדיקע ליפּן?

דאָס לשון איז מיר אָפּגענומען,
אין האַלדז — די גאַל,
אַ ביטערונג און אַ ברענונג אויפן גומען.

זעל! אַזוי פיל שרעק!
אַ בלוטיקער צערין,
איז אין דיין געוויין,
שווימענדיק צו דער פרעמד.

איז דאָרט אַ ברעג
אָן אינדזולדיקער פאַראַן?
אויסגעשליפענער זאַמד
גאָלדגעל מיט שקיעה-שטראַל
פון דער אָפּגאַנג-זון
סוף טאָג צעבלענדט?
אויסגעשטרעקטע פאַר מיר וואָלקן-הענט,
מיט הימל און ים-פייערן,
וואָס הויערן און דויערן?

## אויפגעטרעסלטע צייט

אויפגעטרעסלטע צעוויכערטע צייט,
מיט אַטאָם־סם
איבער סדומיקער ערד
נעפלדיק צעשפּרייט:
פון אַרויסגעקללהטן פלאַם,
ווערן די טעג איינגעבלוטיקט אין שרעק,
ס'לעבן — פאַרשטערט.

מיט אַ גרילציק קול פון איינגעריסענער זעל
אין נערוונדיקן גוף,
אַ פאַרטויבט געשריי,
רעווע אַרויף:
דער אַשמדאי
פייפלט און רויכלט אוים אין געלויף,
מיט טייוול־כעס
אַ משחית־טויט;
רעווע־אויף:
— ס'יאָגט אונדז נאָך אַ לוויה
פון נעכטן־שלאַכט
נאָך אין דמיון־בית־עולם,
ניט צו קברות געבראַכט.

האַלוצינאַציעס טויכן־אויף
ווילד געפורעמט
פון שרפהדיקן מאַרך
אַרויסגעשטורעמט.

שריי ארויף א געוואַי־רוף,
וואָס טליִעט
מיט א ברען און שטאָך —
א חיה־ברום מיט ליפּן־שוים.

דער מוח ווערט צעשפּליטערט!
פון אַנומלט נאָך צעטומלט
מיט א סקרוך איינגעבּיטערט.
פון זכרון־תפיסה איז ניט פאַרווייעט
די פייערדיק צעפּולווערטע צייט,
מיט אַ שרף־שרפהדיקע מיתה פאַרזייט...

איך טרעט מיט א דראָזש־קעלט
אין בלוט איבער א טויטן־פעלד
ניט פאַרוואַקסן
מיט מאָך און גראָז.

מיך טראָגן די פיס ווונדיקע אומגעשוכט,
איבער שדים־טאָלן פאַרפלוכט,
טו האָרכן טאָג און נאַכט
דונערדיק קנאַלן,
א יללה צערוחט
אין אַ וועלט
טויזנט, טויזנט מאָל
פרום פאַרצלמט
און ניט איינגעשלומט.

גיהנום־גלי,
מחבל־ברי
פון אַטאָם אַרויסגעשליסלט,
איבער ערד אויפגעטרעסלט,
פאַרשטויבט מיט גיפט
וואַלד און פעלד
און אַ לופט,
ווּ ס׳איז גאָט־ברוך הוא
אין דער אויסגערויכערטער קדושה
מער נישטאָ.

# שאַקונדראַ

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק
(נאָך טאַגאָר)

שאַקונדראַ!
זונס איינגעזיפּטע שטראַל
פון בין־השמשות
בלענדט אַרויס פון דיינע אויגן
אור־הוהש צו איר, צוריקגעוויגן
מיט אַ פייערדיקן צינז.

אַקעגן דער שקיעהדיקער להבה
די תאווה אין אונדז
איז צעבריט — פרום, אינטים,
מיט הייסן אָטעם,
ברען און זשאַר —
שאַקונדראַ.

אויף דער גיטאַר
צימבל־צו מיט אַ פּענקע אין די פינגער,
אַ באַגלייטונג נאָכגעשיקט
צום געזאַנג פון דעם „עולם־זינגער",
וואָס זיצט ביים כישוף־רינג
פון פאַרנאַכטיקן פאַרגאַנג אַ צעוועקטער,
און זיין האַרץ־אָדער שלאָגט נשמהש איינגעגליקט.

מיר פאַרלירן זיך אין די פאַרפלאָם־קאָלירן
אויף די האָריזאָנטישע וויזן
מיט שימער־קאַפּריזן,
האַנט אין האַנט,
האַרץ צערירט,

בלאַנדזשענדיק, פון קיינעם ניט געפירט,
פאַרשיכורט,
מיט דעם פסאַלם
פון אָמאַר קאַיאַם.

אונדז ציט צו יענער זייט
שאָטן־לאַנד,
ווו מעטעאָרן אין זייער שווונג,
בליצלען אַריין,
דעם לעשנדיקן פונק
אין דער פאַרטונקלטער ווייט —
שאַקונדראַ.

## כאַאָס

אויף די אומזיע־פליגל פון הבלות
דמיונדיק באַשאַפן,
אין מוחן תוהו פאַרכופּרט
פון צענחשטע רעיונות,
כ׳לאָז זיך אַרוים אין פינצטערן כאַאָס
פון די אין־סופן,
ווער רוחיש געטראָגן
אין אַ מהומה,
איבער די ווינט־כוואַליעס פון תחתיות,
בלאָזנדיקע צעשופרט
מיט דאַמף־זיילן,
רוגזהש אויפגעשלאָגן פון די ברענענדיקע שאולן.

רויכנדיקע טומאַנען, קנוילנדיקער גרויל,
פאַרכמורען די הייך מיט מחבל־כוח,
אַ צעהילכטע אימה איז צעסאַפּעט פון דער טיף:
ס׳יאָגן אויף
גרילץ־געוואָיען,
געלעגן אין אַ באַהעלטעניש פאַרפלוכט,
מיט סבלנות און עקשנות געיערט, געוואַרט,
זיך צעגרויסן, אויפצורייסן,
אַ קרעכצן אַריינצושנאָרכצן אין מדבר־נאַכט.

די אימאַזשן רוי־בייזע צעלודערט,
נערוועזיש אויפגעשוידערט,
מיט אַנגסטיקן פּחד אין די גלידער איינגעסקרוכעט,
פון מחשבות פאַררויכטע אַרויסגעמוחטע,
זענען צעמשחיתט אָן אַ סדר —

אויף קרילע־געפֿלעדער פֿון אַ רוח אַ דולן,
כ׳טראָג זיך אין אַ דרך אומגעבאַנטן איבער די אָפּגרונטן,
ווילדוויליק אויפֿצובריל ן
מיט חיה־קולות אין מבולבלדיקער אפלות,
שיכור פֿון באַדריקטער פּיין זיך עוקר זיין.

שחת־זאַווערוכעס, מחבל־בהלות,
צעשטורעמטע פֿון יללות,
מיט לישנדיק פֿאַרטויבן אויפֿגעטריבן,
מיִען זיך צו פֿאַרטושן דעם שקיעה־בראַנד פֿון די רקיע־ראַנדן,
רעפֿלעקטירנדיק דעם זינדיקן בלענד פֿון וועלטס־ווונדן
מיט אַ פֿאַטאַלער אייזיקער כּף־הקלע־ברי שׂטניש איינגעפֿרוירן,
אין אַ נשמהדיקן פֿאַרפֿלעמלען.

מײַנע ספֿקותן צו די אויבער־הימלען טוען זיך אַרויסשטאַמלען,
שוועבנדיק אין דער וויסטעניש אַוועק, ווו ס׳לעשט זיך ליכט,
ס׳געשטאַלטיקט זיך שרעק, צעשטער־טרוימען,
פֿון אונטער די שלעפֿן אַרויסגערופֿן —
ערגעץ וואָלקנדיק צו הויערן אין איינגעמדברטע רוימען,
און ס׳שטיקל טערפּקע קרקע האָבן אין דעם ווימלדיקן ערפּל פֿון צווייפֿל,
אונטער זיך פֿאַרלוירן.

## זיבן טייכן בראָדזע אַריבער

זיבן טייכן בראָדזע אַריבער
אין פֿאַנטאַזיע
צו יענעם לאַנד,
וווּ אין אַ גרויס טורקווייז הויז,
פֿאַר אַן איינגעגליט זון־שקיעהדיקער פֿענצטער־שויב,
זיצט דורנאַ־לי,
קוקט אין מרחק רויטן,
וווּ איר היימיש־לאַשטשנדיקע טויב,
האָט אין פֿאַרנאַכטיקן מיראַזשן־בלענד אַריינגעפֿליגלט.

ס׳ראיה־פֿלעמל צאַנקט, בעת זי אייגלט־נאָך
דעם פֿליִענדיקן עוף,
וואָס טראָגט זיך מיטן גלאַנץ פֿון אַ כּרוב,
צום אַריבערן האָריזאָנט
און פֿאַרשווינדט
אין די פּורפּור־שימערנדיקע וואָלקענעס,
ווערנדיקע רגע־ביי־רגע פֿאַרזשאַריעט
מיט אַ שווינדלדיקן אָפּשטאַרב,
אַריינגעוווייעט אין צווישן־צייט,
וואָס גרענעצט אָפּ
דורך דער בין־השמשות־פֿאַרב
יענעם דעמער־וועג
אין שׂטנס שליטה,
און פֿירט צום טונקעלן,
וווּ ס׳ליגן באַהאַלטן
טעג פֿאַרבליטע.

## ליידן

ווי אָבל־בתולות
מיט ווײ־יללות
איבער אַ טויטן
רייסנדיק די האָר,
אַזוי איר, ליידן מיינע,
פּייערט זיך אַרויף אַ הימל־געשריי,
אויף באַטראָפענער צייט
פאַרשחורט מיט טשאַד,
אָן אָנגעזאָפּענע
פון איינגעבלוטיקטער וואָר,
אַוועקגעוויכערט צו נעכטנס ווייט,
ווי וואָלקן־שוואַנען, רויך־טומאַנען,
אויף עבר־וועגן נע־ונד.

צרות, הבלים,
אין אַ לאַנג פאַרשוועבן,
ווידער און אָבער
אין געדאַנק אויפגעטריבן,
ווי די ווייס־וואַסער פייגל
אויף שטורעם־פליגל,
צעיאָגטע פון מוח
אין אַ צעפלאַטערטע בהלה,
טראָגט זיך צום וויסטן שטן,
שר מהומה,
מיט ווייטיק־ווונדן משונה,
פון יענע איינגעחושכטע אימה־נעכט,
ברענגט דעם בעל משחית פון מיין נשימה

אַ רויטע קללה בייז,
גלי־קויליק גאַליק אָנגעצונדן,
אַרויסגעפּלוכט רויכנדיק שוואַרץ,
פֿון טראָפּנווייז אָפּטריפנדיקן האַרץ.

## ווער איז ער?

ווער איז ער,
וואָס אין זיין פאַרמוחטן רעיון,
פינצטערט אַ מחשבה
פון תובל־קין,
אַריינגעשפּענסטערט צעגליט,
דור־דורותדיק אין בלוט?
ר׳ווערט געטריבן,
אויף אָפּגאַנג־שטעג,
תהומות־ברעגן,
הערט קולות באַנומענע,
געפינט שמות אָנגעקליבענע,
ווענס באַשריבענע:
די פאַרשוווּמענע אומקום־טעג
פון פאַרממיתטער ערד,
ר׳דערזעט אַרויסוויינען,
אַ געוויקסן־שריפט רויט טויִק פאַרטריפט,
אַ בלימלען, אַ שוואַמיק שימלען,
אַ כתב פון טבע־טראַף,
וואָס בעט זיך צו לייענען
און אויסטייטשן.

געיאָגט
איבער דער הרס־בייט פון צייט —
שפּריצן אויף פאַר אים ביטער־קוואַלן
פון די שאולן,
לייגט ער אָן גאַנג
איבער סם־גראָז מיט אַ דם־ראַסע,
אין שטן־גאַרטן —

איבער די טויטן־שטרעקעס
מיט טערנע־קשאַקעס
ווי ריטשקעס פליסן
אין צאָרן אויסגעגאָסן.

אים ציט דעם בית־עלמין וויסט פאַרלאָזן
אַריבערשפּרייזן.
פּלוצים באַמערקט,
ווי איינער מיט אַ גראָב־שטיק,
קריצט אַריין אין קברים־שטיינער טיף,
מיט אַ תורה־כתב,
אַ תוכחה־צערעדט,
אַ יעדעס אות — אַ כזית פון מעת־לעת
פלאַמיק פאַרציקט, ווי פון זון באַפלעקט.

אין די זומפּן ווי בלוט צעשפּייגלט,
קוואַקען זשאַבעס.
איבער זיי, קראַקען ראָבן, שדים־טויבן,
שוואַרץ־צעפליגלט.
און יענער אין מערב־דרום,
אַ געבויגענער איבער קברים,
האַמערט אַריין פאַר נאַכט אין שטיין אַ טויטן־שיין פאַר דער טבע,
איר שבעת.

## שאַנדראַ לי

ריב און ווייצן וויאַנען
אויף ערד פון היימיש־לאַנד.

אין אונדזערע וועגן, אײַנגעכמורעט טריב,
מיר׳ן מעלקן פון וואָלקן אַ פרילינגדיקן שפריי־רעגן
אין נשמה־קאַנען,
באַשפריצן אײַנגעסאָכנעט פעלד
באַשפרענקלען מיט טוי זוניק צעבלענדט
גערשטן־שטרוי —
ס׳זאָל פינקלען,
צעהעלט, בריליאַנטיש צעשפילט.

שאַנדראַ לי!
מיט צניעה־בושה,
תאווה אין בלוט,
שיכורסטו מיין געמיט.

מיר׳ן ניט גיין מיטן שטעג
פאַרטונקלט מיט שאָטן,
נאָר אין השגחהס אָפּשיין
וואָס וועט אונדז גערן פירן
דורך אויסגעזיפּטע טעג
וואָס פאַרשוועבן אין עבר־וואַלד,
אין יעדן מעת־לעת־אָפּשלום —
אַן אָפּגאַנג־בילד,
אין פאַרנאַכט־שימער אַרײַנגעגילדט.

# אָפּט טרעפּט

### א

אָפּט טרעפּט:
פּלוצים צעוועקט,
ווי פון אַ פאַרנעפּלטן שלאָף,
אַנטפּלעקט זיך אַרויס אַ מחשבה
פון מוח־ווירוואַר,
אַרויסגעצויבערט קרישטאָל־קלאָר,
ווי פון לעתיד־לבוא,
אין אַ געשטאַלט לויטערדיק צעהעלט —
אַ יצר־טוב־באַשאַף,
אַ שכינהדיק אויסשפּרייטן,
פון אַ צעשיינט ליכט, וואָס טוט זיך מיניענדיק בייטן,
אַרויסצושאָטענען דאָס מוטנע, סמוטנע,
טונקלעניש פון דיין וואַלד.
פייגל זאָלן זינגען,
זשוק און קנייפּער זאָלן שפּרינגען
אַ חמדת־יה
אין שיין־פּליטערנדיקער שעה.

### ב

אָפּט טרעפּט:
פון הינטערגעדאַנק
שלייערט זיך אויס
אַ יצר־הרע,
מיט שׂטן־פונק אין בליק
אַ פייער־געפּלעקלטע הידראַ־שלאַנג,

אין אַ הין־און־הער צעוויג
מיט אַ צעצויטלטער צונג,
גאַווערנדיק
אַ טריף־טראָפּקענדיקס שוואַרץ,
וואָס טשאַפּקעט אַריין
אין בלוט פון דיין האַרץ.

אין ראיה וואָלקנט זיך אַ כמאַרע,
משחית־רוחות
פאַרמראָזשעטע גראָ
קרעצלען סמיק איין אַ נעגל־קרעל
אין דער צעווייטיקטער זעל,
הרגעט דיין רו,
בייסט זיך איין מיט אַ קאַרב
אין איר,
ביטערדיק און האַרב.

## האָב פֿאַרשריבן...

האָב פֿאַרשריבן
מיט אַ שׂרף־פּען
אַ נשמה־כּתב פֿון זיך אַרויס
אויף פֿאַרמעט צי פּאַפּיר:
— מ'זאָל צעפּאַלמעסן אין אַ רגע קורץ
אַ צאַפּלדיק האַרץ
אויף דער שוועל,
פֿון גאַטס הויז,
ווען עס ניט אויסווייטיקן אַ פּיין
אַזוי שאַרף,
ווי פֿון דער יתומה יונג מיט יאָר
אויס דעם „פּריסליפּ־דאָרף"
אין די הורג־טעג
שטורמיק אָנגעטריבן.

ז'האָט געזען:
טאַטע־מאַמע,
פֿאַר איר אויג פֿאַרשניטן,
אָט איז איר חושך־בליק,
און אָט אַ פֿייערל פֿון שרעק
בליצט אויף מיט משוגעת
און לעשט זיך באַלד אויס.

זי באַנעצט די פֿאַרשׂרפֿהטע ליפּ
מיט ביטער־גאַל.
אַ כליפּ,
און אַ געזאַלצענעם קוואַל
איז איר שפּיזנדיקער קוק.

האָב פאַרשריבן
אין אַ קריאת-שמע כתב,
און לייען פאַרן שלאָף
און פרעג
„דעם הירט פון די אויסגעפּאַשעטע טעג",
מיטן דמים'דיקן שגעון
פרעג
דעם רועה-צאן,
וואָס שדי'ט אין אות פון די מזוזות
אין פאַרפלאָם פון חלום:
צי קען מען אויסמעסטן מיט זיינע געוואַלדיקע מאָסן
די טויט-מעת-לעתן,
צעפלויגענע אין ווינט,
דעם צעפיבערטן דעך,
פאַרפעפערטע האַרץ-שטעך,
וואָס דופקן זיך אויס
אין צער-ציטער
פון דעם קינד?

## בלאָנדזשענדיק אַרום

בלאָנדזשענדיק אַרום
אין די דלד־אִמות נע־ונד,
אויסגעטובלט אין ווינט פון דער צייט,
כ'טראָג אין זיך חיי־אָדם־סוד,
אַ נשמה,
וואָס חלומט און פלעמלט,
ווי אַ ברענענדיק ליכט,
פון זיך ס'פּייערל אַרוים.

כ'ווייס ניט ווער איך בין,
וואָס ס'איז דער זין
די אויגן צו די שטערן געווענדט,
אָפּשטויבן פון זיך דעם אַש
פון געדאַנק־כמאַרעס אויסגעברענט.

כ'פלי פון זיך
און בלייב אויפן אָרט.

כ'וואַרט:
וועלכע תפילה פון לעפּץ אַרויס
וועט פליגלען צו דער ווייט,
צו ווערן איינגעזאַמלט,
פאַרהימלט?

ווער וועט זי נאָכדאַווענען
מנחה־צייט,
ווען ליכט־שיין איז צעציטערט
צווישן טאָג און נאַכט?

ס׳ווערט ס׳אויג פֿאַרטרערט,
דאָס אויער הערט
דאָס געוויין וואָס קומט פֿון די ערגעצן אָן.
מ׳דערפֿילט:
די חבלי־משיח
ווערן צעריסן אין זיך.

אויבערשטע לופֿט אָטעמט מען איין.
ס׳איז קורץ דער דעך,
ס׳איז ענג דאָס אָרט,
און מ׳טראַכט:
מיליאָנען מייל
זענען אין דער לענג פֿון אַן אייל
מיטן איינגעביטערטן וואָרט.

## קום־אויף אין ניו־יאָרק

קום־אויף
אויף די קרייצוועגן
פון גרויסשטאָטישן אַנגעלויף,
דעם פאַרטאָרעטן מענטש צו פרעגן:
וואָס איז דער געאייל,
אַוועקצושלאָגדרען מייל נאָך מייל,
מיט מאָטער־מי,
נאָכיאָגן די שעה,
אַהין, ווו די זון,
איבער די פּאַליסאַדן,
ווערט אין אַ וואַלקן־טייך פאַרבאָדן און ס'פּינצטערט זיך אָן?...

צו וואָס מיטן פאַרנעפּלטן קוק
אין פאַרגעלטן געזיכט
איינהאַנדלען גראָשן־גליק
אין די שאַנטאַזש־הייזער
צווישן ווענט איינגעשאָטנט
מיט צאַנקענדיקן ליכט?

אַ הויך געבייזער,
אַ צעשריגן געזאַנג,
פון אַ צערייצט בינע־ווייב
ליליתדיק צופּליעסקענדיק מיט די הענט,
באַגלייט מיט אַ זשעם־פּאַרטייב, אַ רויש־געליש,
וואָס פאַרשווינדלט די שפּעטע זייגער־שעהען
פון דער נאַכט.

צו וואָס
ס׳הבל-נישטעניש,
ס׳הארץ-פּוסטעניש,
פאַרזשלאָקענדיק מיט געטראַנק?

# אין דרויסעניש צעעולמט

איך שיפּל זיך,
זיניק פֿאַרחלומט
אויף כוואַליעס
ניט געזעענע
אין דעם גרויסן בלויז אָן אוים.

כ׳טראָג זיך אין דעם צעטאָג
אויף דמיון־פֿליגל,
זעגל, וואָגל,
איבערן זוים פֿון ספֿערן.

איך צעפּעכער זיך אַלץ העכער
אין לויכטעניש פֿון שטערן —
— לאָז נאָך זיך אַ דופּק־שלאָג,
פֿאַרליר מיטן דעך
אַ שטיק איך.

כ׳טו איבער ווייטקייט שיקן
געדאַנק און בליקן
גרינג, מיט געזאַנג,
אַ זעל־טריל.
איך דערפֿיל:
דעם פּלאַם פֿון „שם“,
דעם זיו פֿון באַשאַף,
דעם באַנעם פֿון חלל.

מיט אַ נשמת־לויב —
אַנטציקט
פון גרויסן ליכט,
מיר דאַכט
כ׳האָב אין „הדר־הוד־יסוד" —
האַרץ פון גאָט אַריינגעקוקט.

## קום־אויף פון שלאָף

צעוואַך פון שלאָף
און אויף חלום־פליגל־פלי
אין ווייטן וועג
פון דער נאַכט אַוועק —
צום טאָג־אויפשוווּנג
ביים הימל־ברעג
ווו ס׳בלענדיקט אויף די זון,
גילדיקט איין דעם פערל־באַרג,
פאַרבלענדט אַ טייך, ווו ס׳באָדן זיך
אָן זאָרג
אַ מויד צעפּאַטלט רויט,
מיט אירע וואַסער־טויבן,
אין שטראַלן־שפּיל.

פון דורכגעלאָכטענע וואָלקנס,
ווערט דער טוי אויסגעמאָלקן, —
פינקלט צעשפּריצט און צעשפּרענקלט.

פלי, ווו ס׳איז קיין שאָטן נישטאָ;
בלומען ווערן פון אַ שימער דורכגענומען
און צעשפּליטערטע מינוט
איז מיט גלי־גלעט אַרויסגעבליט
פון דער צעוואַקסענער שעה.

אויף חלום־פליגל
צום מאָרגן־פרי קום פלי,
ווו ווייסע העזלעך שפּרינגען
איבער גלימצער־גרעזלעך

סאַפּראַניש געגילדט,
און פֿייגל זינגען,
פֿאַרפּישטשען דעם וואַלד...

די רויז
שרייט אירע פֿאַרבן אַרויס
צו דער זון,
ריחות צו דער בין,
לאַקט, וועקט,
צו האָבן איר זיסקייט אויסגענאָגט.

די שפּין מיט אַ זילבער פֿאָדעם־זייד
אויף דער פֿאָוויאַטינע שוועבט —
אַ פֿענעץ־בליץ פֿאַרוועבט
אין אָפּלויפֿנדיקער צייט.

# קענסט אים זען

קענסט אים זען:
אָרויס פון אַ הינערפּלעט
אויפן עולם התוהו אַרומגיין,
אין די פינצטערע נעכט
פון אויסגעלאָשענע שטעט.

אַ האַלב פּנים פאַרקרימט,
אַ העלפט צעלאַכט,
ס'לייב צעקראַצט,
איין אויג פאַרפלאַמט,
דאָס צווייטע צעגלאָצט,
מיט אַ פאַרלאָפענעם בליק.

אין שפּעטע שעהען קענסטו באַמערקן דעם שטאַרקן גברא,
אויף אַ בית-עולם שטיין,
צערעיען די ערד,
גראַבלען אַ מצבה-אָרט,
זיך צעמרוקען,
זאָל מען אַראָפּקיקן
פון הויך, דאָרט,
אַריבער דעם לבנהדיקן ליכט
אין זיין צעכראַסטעטער ברוסט
וויסט-פּראָסטיק פון קעלט.

האָבנדיק אַזאַ געשטאַלט
אין זינען,
פאַרן כסא הכבוד פון שכינה-שטראַלן געשפּונען,
מעגסטו אויפקומען

ניט וויינען, נאָר תחינהן
כורעים פאַלן,
דעם שם-הויה רימען
מיטן שטאָלץ פון דער וועלט.

באַטראַכט אים אַרויס פון הינערפלעט,
זיך אַרומתוהון איבער אויסגעלאָשענע שטעט,
שטיין אַרום אַ מצבה-אויפשיין,
צעגלימערט מיטן לבנהדיקן ליכט,
אַרויסאותיותדיקן אַ סוד
פון איינגעפינצטערטן טויט.

## מיסעליזיר אַרויף

מיסעליזיר אַרויף אַ ראַקעט
מיט אַ פלאַם-געשריי
פאַרלהבהט ווילד צערעוועט,
אַ בייז וויסטעריי
אין אָרביט זיך אַרומצוטראָגן,
און רעקאָרדיש איבערקלאָגן
אין הויל-פאַרפאַל,
מיליאָנען מאָל,
בהלהש אַ געוואַלט
צעשרילט צו דער וועלט —
טויב, בלינד,
צו אויפגעריסענער ווונד
אין האַרץ פון דער ערד
וואָס אין איר אויסרין
טוקט זיך די זון;
מיטן טאָג פאַרלענדט, שימערט,
צעבלענדט אין איר אָפשיין אַ בלוט-געוויין.

מיסעליזיר אַרויף אַ פייער-געשוויר,
מחבל-רע אין אַ שוואַם-וואָלקן גראָ איינגעיאָמערט,
לאָז עס זיך טראָגן
לישנדיק צעפלויגן
מיט טרויער אויפגעשריגן
צום קאָסמישן אויער
אַ יללה-גרילצעריי
פלאַקערדיקער כליפּ מיט סם-געברום
אין שנעל-וואָגלעריי
כאָרכעלנדיק אַראָפּ,

צו פֿאַרטונקלטער גאַס פֿון זינד
אַ ריטשענדיק משוגעת אין די רוימען צינדער־רוים.

אַקעגן די הימלען,
שטעט אין פֿלאַמען
גיהנומדיק צעברענט,
פֿאַקלען זיך צו גאָט!

ביי נאַכט
שטערן מיט איינגעשושקעטן סוד,
ווייט־גלימצערדיקע צעלאָכטן,
איינגערויכערט חושכדיק ווערן.

## שטורעם

וועמענס כּוח ליגט אין וואָגל־ווינט ?
איינקילנדיק אָנגעשוויצטע פּאָרעס
אין צעפּוריעטע כמאַרעס,
אַרויסשלוכצנדיק אַ טאָרנאַדישן גרויל־געביל,
מיט אַ שוויפּטש־פּאַרטייב,
צעוואָיענדיק פון לאַבירינטישן שאול
וואָלקאַנישן שטויב,
ווירבלענדיק אין געאייל
מיט רעש און רויש
איבער שניי־בערג, וויים, וויסט,
פון מדברס פּוסטע,
ס'טראָגט זיך שאַרף אויסגעשלייפט,
אויפגעבלאָזן צעפייפט,
אָן אורגאַן־אויפריר, ווירוואַר־שיר,
פאַר די רוחות־געצן אויף די נאָרד־פּאָל־שפּיצן
פון אורגעבוירן איינגעפרוירן.

וועמענס כּוח זוך איך בלינד
אין וואָגל־ווינט צעפלויגן מיט געיעג,
איינגליוועדנדיק אַ געפריר אין מיין בלוט,
צעגליט,
אין האַרץ אָפּגעהיט,
מיט אַ ריטמעדיקן שלאָג ?

## ווי אַווירבל־שד

ווי אַ ווירבל־שד איבער אַ וואַלד
שטורמיק צעוויטערט ווילד,
אַזוי דו
מיט ריטש־שריל, קוויטש,
ווי זשאַווער־פייל אויף שטאָל
פון האַרטקייט אָפּגעשפּרונגען —
בלאָז
אויף אַ האָרן־טרובע
דעם גיפט אַרויס,
פון דיינע ברוין־בלאָע־לונגען,
ווי אַ רוחות־באָבע,
אין שליחות אַ צעפייפטע,
איבער די פוסטע הפקר־קוימענס.

זעסט אין הימלישע רוימען
פגירה־כמאַרעס איינגעמאָגערט,
פון שטורעם־פּיאַווקעס אויסגעזויגען.
ווילד און ווילדער
אַ סטייע פייגל
דורך טויטן־פעלדער,
ווי טייוול־געגדז צעגוגערט,
פאַרוואָגלט דורכגעפלויגן.
בלאָז! בלאָז דעם רוח אַרויס
פון די בלוט־געפּעסן!
אין דער נשימה איינגעזעסן
דיבוקט, שימלט, סמט
ביז וואַנזין צעפלאַמט,
די מרה־שחורה.

פֿאַרוואָרפֿענע טעג, אין געוועק,
וואָלקענעז אין דמיון צוריק,
בלינדלען דעם שיין,
ניט אַריינצוקוקן,
אין ווּנד־אָפּגרונט,
ווּ ס׳ליגט באַגראָבן
אַ פֿאַרשטאָרבן געוויין.

## אין פֿאַרגלאַנץ

אין בלאָעם איינשווענק פֿון דעמערונג,
קום,
טאַנץ מיט מיר אַריין
אין ליכטלעכן פֿאַרצאַנק,
פֿאַרפּלאָנטער מיט מיר
אין דעם פּערלמוטער־גלאַנץ
פֿון אַ זריחהדיקן טרוים,
איבערן האָריזאָנט־זוים
מיט אַ וואָלקן־וואַלד פֿון פּורפּור און גאָלד.

לאָמיר אין רעפֿלעקס פֿון להבה
אָנגעצונדן צעפֿליטערטע,
ביידע פֿאַרשווינדן,
צעהימלטע איינגעדרימלט ווערן
אין דער אָראַנדזש־רויטלעכער רו
פֿון אָנגעציטערטער גרע־שעה.

פֿאַרן אויפֿבליסק פֿון די שטערן,
קום טאַנץ אַריין
אין וואָלקן־וואַלד פֿון גאָלד
איידער די אילומינירטע
שקיעהדיקע שׂרפֿה
ווערט רגעווייז אַ פֿאַרצערטע
אין אָננעפּלדיקע בין השמשות־אַשן.

קום,
טאַנץ ווי איך אַריין
פֿרום מיט בענק־געבעט

אין ליכטלעכן פאַרצאַנק
פון שימערדיקן פייער־שיין.

פאַרפלאַטער מיט מיר איצט
אין פערלמוטער־גלאַנץ
פון אַ זריחהדיקן טרוים
איבערן האָריזאָנט־זוים
מיט וואָלקן־וואַלד,
פון פורפור און גאָלד.
בעת ס'איז נאָך ניט שפּעט יוליעט,
און זון זיך ניט זעצט.

## דער אָבל־אורח

דער אָבל־אורח, אויפֿן תוהו־דרך פֿון הרס־לאַנד,
טאַרבע אין האַנט פֿאַרשטריקלט,
וואַקלט זיך אַרוים פֿאַר נאַכט פֿון אַ חורבה־שטיבל,
מיט איינגעבראַנדיקטן שטערן, פֿאַרלאָפֿענעם בליק, ציין פֿאַרקריצט,
פֿון צרות האַרבע,
קריעה רייסט און זיפֿצט אויס:
ווער פֿאַרשיכורט אין בלוט העצט נאָך אַמאָל צו קריג?
און רוחיש בייז, מיטן פֿינגער ווייזט,
ווי ס'טרעט, איבער וויסטע שטעט,
דער מאָרד־מחבל, ברענגט שׂריפֿות און מגפֿות,
פֿאַרשלינגט דעם פֿולווער־טומל.

ס'האַווקען די הינט.
אָנגעצונדענער הימל מיט הפֿקר־זינד אין ראַנד,
וויל איינגעלאָשן ניט ווערן.
ציילגט:
אַ משוגענע אויפֿן מיסט פֿון אַן איינגעפֿאַלענעם הויז,
האַלט ביי דער בריסט אין איר שוים,
אַ מפּיל־עופֿל געבוירן,
לאַנג שוין אין די אָרעמס מיט טויט־קעלט איינגעפֿרוירן.

ר'זעט: שדים אויף ביידעמס פּוסטע,
אַרומלויפֿן, פּייפֿן אַריין אין קוימען
אַ צעצערנטן ווינט.
שטאַמלדיק זאָגט:
דער בעל־צלם־יויזל, פֿאַרן תּפֿילה־הייזל
איז שטאָק בלינד אין זיין שלים־מזל־חלום, טייוולאַניש צעשפּינט;
במקום שלום־טויבן אויפֿצושוועבן,

איבער אים, דעם טרוימער,
פון אָפּגעברענטעביימער
אויף פאַרקוויליקטע צווייגן,
נעסטלען וואָראָנעס
מיט ביסטרע טענות
די צעגוואַלדיקטע עוונות אין מיתה־משונות איינצווייגן.

ס׳געשטאַלטיקט זיך אַרויס צעוואַקלט
אַן אָדם־פּיגור,
פון אונטער אַ מפּולת־וואַנט,
מיט אַ האַלעוועשקע צעפּאַקלט
אין פאַרנאַכט אַריין צעברענט,
זאָגט: פּיאַווקעס האָבן אויסגענאָגט יאָר נאָך יאָר
פון אָפּלויפנדיקן טאָג אין מיר יעדע מינוט
ס׳איבערגעשרפהטע בלוט,
שרייב איך מיט אַ רויט־וווּנדיקן רויך אַ „לא תרצח"
פון צעוויייטיקטע הארץ איינגעקויטיקט
אויף הימל־יריעה,
אַקעגן דער זון־שקיעה,
פאַר דור־דורות מיט מורא און יראה,
צו זיין אַ צעפלאַמטע תורה
אין הגבה־וגלילה־צעשפּרייטע הענט
מערבדיק ווייט,
פון אַ וואַלקן אַרויסגעבלענדט.

## איר פון נאָענט און ווייט

איר פון נאָענט און ווייט,
אָן אַן אָפּדאַך,
שטומפּיק צעשרעקטע פון חושך־ווינקלען,
אין אַן עיפּוש־גערוך פאַרזונקען,
ניט געוואַשענע,
פון אומפּלייט צעפּרעסן,
אין טראַנטעס אויף היציק־קרעציק קראַנקן־לייב,
מיט אומוויסן און האַסן, יסורימדיק באַטרונקען,
נעפּל־אויגן אויסגעלאָשענע,
קומט פאַרמאָרעטע די לוסטער־גאַסן פאַרטונקלען.
מיט כעס צעברויזטן,
שוידערנדיק צעוועקטע —
אויסגעשטערקטע פּויסטן
זאָלן ביי די הערשער־לייט מאָנען ברויט און קלייד.

אָפּגענאַרטע, איינגעקוואַרטע,
באַרוועס אָפּגעשליסן —
צעקרעלט אַ ווילד־געוואַלט
אַרום קאַלבן־גאָט פון גאָלד,
און זיינע דינער,
עשירות־שפּינער אין רכוש־קרוינגען.
מיט פלאַטער־פאָנען, צאָרן און פאַרדרום,
זוימט ניט מאָנען פון די שפּייכלערס אַרוים
ווייץ און קאָרן.
אויפגערודערט, דערווידערט
צו די „הימל־רייד" פון פרומע לייט
מיט אויגן־גלאָץ

וואָס שרעקן מיט גיהנום־שמיץ,
בהלה־שטראָף פאַרן איינגעסאָכנעטן גוף.

קידער־ווידער־ברידער!
קומט הויערן אַרום די פּאַלאַץ־טויערן
און מיט דעמבענע האָלץ־שייטלען
דראָען, טייטלען
אויף דעם „ראַקעט־פערד" צעצינדן רויט
מיט אַ פּיפּס פון טויט
אַרויפגעשיקט
אויף באַשאַף פון אַ מלוכה־שיף
איינצופייערן אַ קאָמונע אויף לבנה.
קומט מאָנען ברויט פון די הון־ און האָב־באַראָנען,
דורך צעשריגענעם קול
מיט ביטער־גאַל,
ווי פון זאַלץ אין האַלדז
וואָס שטיקט.

# שודראַ־ליילאַ

פון ציקל פּאַשאַנאַדן

שודראַ־ליילאַ!
וועלכן רייץ־כוח
האָט דיין מוטער, מיט איר זון־געבעט
בענטשנדיק ס׳ליכט מיט די הענט
אין זיך אַריינגעבלענדט?
וויפל דורות נידות אין לבנה־טייך
געטאָן פון זיך אַרויסטובלען
דיך לויטער אויסצוטראָגן?

מיט שיכרותדיקן געבענק, כ׳צימבל אוים אויף לירע,
אַ טיף זעליש געזאַנג
פון הייסן בלוט מיט גליסטעניש צעגליט,
שפּרייט בלומען פאַר דיינע טריט.

אַ שאָטן־שמייכל אַרום דער נאָז
אין צעלאַכטענעם געזיכט,
אַ נשמה־אַראָמאַ
אָטעמט זיך פון דיר,
שודראַ־ליילאַ פון טו־טו־לאַנד!
אַלע אוצרות פון דער וועלט,
אין קאָן געשטעלט,
אויסצוקושן דיין פלעמל־בליק פון אויג.

אַ קינסטלער מיט אַ שטראַלן־גאַרב, ווי אַ פּענזל אין האַנט,
קען ניט אַרויסמאָלן פון דיר,
מיט קאַיאַריקער גאָלד־גלי־פאַרב, פון מזרחדיקן בראַנד,
ס׳וועגנוס מילדלעכע.

אין ראיה פאַרכאַפּט בלייבט איינגעזיפּט
דער בלאָנד-געבלענד,
פון דיינע געדיכט צעלאָזטע האָר.

וועלכן רייץ-כוח פון מאָרגן-ראַנד
איבער דער בערגיקער הייך
האָט דיין מוטער אין זיך אַריינגעשעפּט
מיט די הענט ביים פּרעפּליש זאָגן
צו אירע געטער,
און ביים טראָגן —
אין דיר אַריינגעבראַכט —
שודראַ-ליילאָ!

## דער בעל־קבלה

כּאַפּנדיק אַ סודות־כּתב שפּעט פֿאַרן שלאָף
איז דער בעל־קבלה
אַ שבת־נאַכט
אַרום מיט אַ ברענענדיקער הבדלה
אין התבודדות פֿאַרטראַכט:
דורך שמות־בליצן
אַרויסצודעביוזען דעם עת־רצון,
איינגעוויסטלטן קץ,
אין סיטרא־אחרא וואָלקן אַ שאוליקן;
מעלה זיין מיט אות־תחבולות
דעם עולם התחתון,
וואָס די בני אַשמדאַי אין זייער רשעות חושכדיק פֿאַרטיליקן;
קרע־שטן־זיין,
משחיתן די תוהו־תפֿיסה,
וווּ ס'ליגט פֿאַרפּענטעט
אין די חבלי־אפלה די גאולה.

ער איז אַרום מיט פֿאַרכטיקער כּוונה,
ברענגען ליכט אין סוף־חודש־נאַכט,
אַ פֿולע לבנה לויטער אויסגעוואַשן.
אין אים האָט געהייליקט זיך אַ מחשבה
געצונדענע רציחה קויליק צו אַשן,
איינגעבלוטיקט מיט געוואַלט אין נפֿשות פֿון דער וועלט.

ער איז אַרום אין קיטל און אין טלית,
פֿאַרוויקלט אותיות־נפֿלאות
אויף אַ פּאַרמעט־צעטל סופֿריש אָנגעשריבן
מיט גאַליש טינט.

אים האָט געטריבן אויסצופּאַרעמען דאָס געהיימע וואָרט
אַרויסצוזאָגן מיט ברען.

ער איז אַוועק זען צונויפברענגען
דעם לעמפּערט, וויזל, אייזל, פוקס און האָז,
וואָלף, לעמל און ציג,
אונטער דעם פּאַסטעך-ריטל
אין די הענט פון אַ קינד
אויף די טאָלעקעס צעהיטשעט מיט גראָז.

ער איז מיט אַ זיפץ אַרוים פון שטוב
אויסצושׂרפענען דאָס שלעכטס
איינגענאַדיעט אין עולם-זעל, אין הארץ, אין לייב,
אין דער שפּעטער שעה.

מחבל-רע, מיט ווינטיק רוישן און דרעשן,
האָט די הבדלה אויסגעלאָשן.
אים איז באַפאַלן אַ שלאָף.
ר'האָט זיך דערפילט אויף צעוויגטע כוואַליעס
אין אַ צעלעכערטער שיף
וואָס דעכעט, רויכערט איבערגעברענטע זינד.

ער איז אַרוים מחדש-זיין
דעם מנורת-המאור,
אין אַ פינצטערער נאַכט
מיט שמות אויפגעבראַכט,
ברענגען היילונג צו רוי-אייטערדיקער וווּנד,

אַ שײַן צו פֿאַרחושכטן אויג,
אײַנשטילן ס׳געוויין פֿון אַ קינד.

ער איז אַוועק מתקן זײַן מיט הבדלה־שײַן
רצון־צײַט, אַרויסצורופֿן מיט נשמה־צעגליט
די גאולה, אײַנגעפֿענטעט אין אַפֿלה־שטריק.
געוואָלט אין סוף־חודש נאַכט ברענגען ליכט,
אויסשרפֿענען שרעק,
אויסרוימען שלעכטס —
האָט דער קטרוג געזיגט,
מחבלים געשיקט די הבדלה הגאולה
מיט ווינטיק רוישן פֿאַרלעשן.

האָט ער זיך פּלוצים דערפֿילט
באַפֿאַלן פֿון אַ שלאָף
אין אַ צעטרעסלטער שיף,
אויף צעוויגטע פֿאַליעס
צעלאָזן, כּעסיק אויפֿגעבלאָזן.

זוכט ער אין דרימלדיקן זכּרון
קעגן די מחשבֿות פֿאַרפּירטע
דאָס וואָרט,
דעם שם־אַדוישעם.
און ווען ער האָט עס אַרויסגעזאָגט,
איז די חשכה געווען צעגאַנגען
נעפּלען זענען אין דער הייך געהאַנגען —
ס׳האָט געטאָגט.

ער איז געשטאַנען שפּלדיק קליין,
אין טלית און קיטל אין פעלד אַליין,
הבדלה און קבלה־צעטל אין די הענט,
אַקעגן צעברענטן האָריזאָנט
און געהערט אין קלויסטער קלינגען.

## ס׳קען זיין

ס׳קען זיין, ס׳איז אין מיר צעוואַכט
אַ גלגול־מחשבה
פון עמעץ פריִער אין אַן אור־דור,
וואָס האָט מיט אַ באַנומענעם מוח געטראַכט
פון דער אָנסופיקער הייך.

זיין רעיון האָט אויפגעבליצט,
ווי אין מיר איצט.

אים האָט געצויגן
צום ראשית כוח,
ווו זונען זענען צעברענט
און העכער נאָך פאַרפלויגן,
ווו דער כאַאָס ברייטערט זיך אויס.

ס׳האָט זיך אין יענעמס בליק
אַ לעצטער גלימצער איינגעפאַרבט
קוקנדיק אַרויף אין ראַזאָוון אַפלויף
פון פאַרנאַכטיקן צעפלאַם,
און אין מיר —
זיין וויטן נאָכקום —
דמיונדיק זיך איינגעאַרבט.
פאַר אים אויך האָבן שאָטן־פייגל
פאַרפליגלט דאָס ליכט
פון אור החיים
אויסרויכערנדיק די טעג,
אָנסאַזשענדיק אַ שרעק.

## צייט אויפגעלאָכטן

צייט אויפגעלאָכטן!
ביסט מזווג חיי־שעה
מיט נפש־גלי.
בליצסט אַריין אַ שטראַל
אין קוואַל פון האַרץ צעקאָכטן,
ווי אַ ניצוץ־שפּריץ
אין צעפּאַמפּטן הייס־פּלוס פון לבב־געפּעס,
און לעשסט זיך אויס.
די רגע פון אַ מינוט
מיט יעדן זעלן־פּאַך
ווערט פאַרשוווּנדן
און אַנדערע
מיט די צעלן פון בלוט געבונדן
שווינדלען נאָך.

אין דיר מינערן זיך און פאַרשוועבן,
די ריינע און טמא
תאוות פון לעבן,
ווינציקערן
מיט יעדן אָטעם־דעך
פרייד און ליידן,
הרגשה־לוסטן,
איינגעגעסט אין נשמה,
געפּענטעט און טיף פאַרפלאַנטערט
אין דין־צאַרטע רעיון־געוועבן.

## ביים אָקעאַן־ברעג

ביים אָקעאַן־ברעג,
דער פעלדז אַ גרין־נאַסער
פריער פון שאָטן באַזעסן
עק־טאָג,
איז מיט אַ צעלאָכטעניש באַגאָסן.
נעבן אים טאַנצט אַרויס פון וואַסער
אַ פלאַם־שימערדיקע מויד:
זוניקער רעפלעקס צעפּורפּולט
בלענדט אַריין אין מיין געמיט.

איך הויער אויף אַרויסשטאַרצנדיקן שטיין,
צימבלענדיק אויף גיטאַר
צום ברומענדיקן ליד
ליידנדיקן צער־געוויין,
מרה־שחורהדיקן טרויער.

אַ מעווע איבער די וועלן פון שטילן ים צעשפּרייט.
אין פאַרנאַכטיקן אַרומפלי,
זעט די זון זיך טרענקען
אין בליסקענדיקן שטראָם,
פליגלענדיק אַהין,
מיטן געפיל זיך אונטערצוטונקען
אין פילפּייערדיקן שפּיל,
ביים ווייט־הימלישן ענד,
מיט אַ געבלענד
גילדיק צעגליטערט
איינגעציטערט.

## בורנאַ זאָגט

בורנאַ זאָגט:
ווען כ׳קען מיט אַ בייזן „שם"
אין אַ ווילדן גולם זיך איבערשאַפן,
וואָס צו אים נעמט זיך ניט אַ קויל —
פויסטנדיק די הענט כ׳וואָלט ווילד
ווי אַ „פראַנקענשטיין" פון אַ שחכה־רציחה באַזאָפן,
דיבוקדיק געיאָגט, אויסצווזעצן די שטשירענדיקע ציין
צעפוילט, פאַרגעלט,
פון די אויבער־האַרער, ארור־פאַרפירער,
וואָס צעשונאהן און פאַרפּיינען די וועלט.

האָבנדיק צעשנאָרכט פון זיך אַ כעס,
מיט האַס און צאָרן,
פון געוויי ביטערדיק געקלאָגט —
כ׳בין מיט ברען געקומען
ווי אַ רוח אַרויסשרפנדיק אַ דעך,
די מיאוס־חלשה, פאַלשע באַפּעסטעניש צעשפאַרן.
לאָז מען זען
די פאַרפלוכטע אַרויסגעהויכטע שנאה מיינע,
ברעכענדיק צוימען,
אומוואָרפנדיק קיימען —
צערויכנדיק מאָנסטערניש אַ געשפּענסט־פינצטערניש.

איינגעוויטערט אין מיין בלוט־פּלאַם איז אַ זעל־שטורעם,
אַ גרים־סם צעיאָטערט אַרויסגעביטערט,
פון צעוואָרטשעטע גערערעם, —
הויל וווּנדן —
די האַרץ־אָדער־צווּיטן

**אָנגעצונדן**

ווי יזכור־קנויטן,
מיט צער אָנגעטרונקען שפּריצן,
ניסקערנדיק פון זיך פונקען.

כ׳מעג דונערן און בליצן,
אויף שׂטן־זעסל איינגעכמורעט טריב־הושכדיק טויב,
צום פייפנדיקן געווירבל
פון דעמאָן־שטויב און וואָיענדיקן ווינט
טוט אַ וויסטע סוטה זיצן, מיט טויטע קללות צעשעלט,
וואַרפט אָנגעמוראַט
פון איר טאָרבל, מיט דאַר־ציטערנדיקע הענט,
טערפקע קרייטעכצער אין זידנדיקן מכשפה־קעסל,
מיט יסורים איינגעצרהט,
וואָס פאַרפאַרעט מיט וואָלקן־ביטערניש אין אַ פינצטערניש,
דעם בליסק־בלענד הלום פון שלום,
פון דער פאַרמאָרעטער וועלט.

## אויפן שיידוועג

ביים שאַרפן אויסבויג
אויפן שיידוועג,
צווישן טאָג און נאַכט
מיט צער אין פאַרלאָפענעם אויג,
אויפגעטרעסלט אין גוף,
אַריינגערויטלט אין ליכט פון פאַרגאַנג
ביים אָפּשטאַרבן —
שטייט ער אימהדיק קראַנק,
ווי אַן עולה־שאָף
פאַרן מזבח־פלאַם אַ קרבן
מיט אַ פּחד אין זיך אָפּגעעכאָט.

אין בלוט איז אַ ווונד אַריינגעברענט,
וועגט ער
אויף זעל־וואָג־שאָל,
איר פאַרזאָדט ברי און בראָט
בעתן זון־פאַרזונק.

הינטער אים כמאַרעס הענגען
מיט אָנגערויעכטן טשאַד
פון אַן אויפגעשטורעמטן שד,
דראָענדיק אַ האָגל ברענגען, —
ציקלאָניש צעשמיסן,
איבערן אַן גרעזל מדברדיקן עזאזל,
ווירבלדיק אָנגעשטויסן,
מיט איבערגעבליבענע ניט פאַרגעבענע זינד.
און ער מיט יראה
אַקעגן דער זון־שקיעה

צער און טרער
אין פֿאַרלאָפֿן אויג,
וועגט זיין ווונד
טאָנען שווער,
קוקט פֿאַרפֿחדט אין הימל בראַנדיק צעזריחהט,
ווי מיט אַ לאַם אויפֿן מזבח־פֿלאַם
ניט דערשעכט,
רויט צעפֿלאַקערט אין פֿאַרנאַכט.

## ווי וואָלט געווען ?

ווי וואָלט געמאָלט געווען:
אויפגיין זאָל אַנגסטיק
אַ פּיל־פּנימדיק פייער־געשטאַלט
פון אַ תוהו־תהום
אין אַ רויך־נעבולאַ צו דער הייך,
אַרומטראָגנדיק זיך אין רוים
אַ הימליש פאַרשאָלטן ליכט
רעפלעקס־שרעקן אויפצווועקן ?

אַז דער פאַטאַלער אימהש גרוילער
שׂרפהנדיקער שד
זאָל אין די פינצטער־שעהען אַרומפליען,
ווי אַ „סאַטעליט״
אַרביטן אַרום דער ערד
צורות יונג און אַלט,
אין אַ פלאַקערדיקן פאַרפלעכט אויפגעבראַכט,
ווי צעשריגן מיט געוואַלט
צום בית־דין פון גאָט ?

וואָס וואָלט געשען:
אַז אונדזער ניכטער אויג אויפגעריסן
זאָל די טויזנט טויט־געזיכטער
שטוינענדיק דערזעען מוראדיק אַרומשפּינען,
ניט צו פאַרגעסן,
וואָס אין מוח איז פאַרמאַרכט איינגעפּאַרכט ?
וועלכע תרופה געפינען
די שׂרפה
אַרויסצובלענדן פון שרעק־קוק ?

מיט שחור־טיכער
פון דער ראִיה דעם געוויכער פֿאַריאָגן?
צי אַ קמיע פון אַן אָנשפּרעכער אַרומטראָגן?
וואָלטן מיר ניט גיכער נשמהדיק פֿאַרבריט אַראָפּגעקניט
שעפּטשענדיק פרום,
פֿויסט געשווערט
געבאָכקעט אין דער ברוסט,
ביז צום פֿינגלעכן וואָרץ,
פון פֿאַרפֿינצטערטן האַרץ?

## אויפן עמפּייער־טורעם

אַז דו שטייסט אויף דעם עמפּייער־טורעם פּאַר טאָג,
כאַפּ אויף מיטן בליק
ס'הימליש רויט־אויפלויפן.
אַריבערן מזרח־טייך מיטן נעפּל־רויך,
פון אונטער די ברוקלין־הויפן,
שטייגט אויף די זון,
וואָס פאַרשיכורט מיט ליכט פון גאָלד
די שטאָטישע פּאַלאַצן,
די שטאַנגען און שטאַבענדיקע הענגל־בריק.
זע דעם חרוב־ישוב,
אַ צעוואָרפענעם ביים ברעג,
אין אַ כישוף, מיט אַן אָריענטאַלישן בלענד,
בענטשט די שיינקייט מיט צעשפּרייטע הענט.

אויפן עמפּייער־טורעם, דורך האָרך־האָרן,
הער זיך צו צום רויש־אַלאַרם,
צום ריטמישן אָטעם פון דער מעטראָפּאָליס,
צו די טריט פון מיליאָנענדיקע פיס:
אַ האַמערן אַן צאָל,
אַ זשאַווער־קוויטש פון אייזן און שטאָל,
צום זיגזאַג־דופק פון ניו־יאָרק:
צו פאַרשווונדענע רגעס,
צו מרה־שחורהדיקער גאַל
און צו געלעכטער און שטיף.
הער זיך צו פון העכסטן גאָרן,
ווי פון בלוט, — צו דער אויסגעשלאָגענער מינוט.

פאַר אָוונט־צייט טרינק אַריין מיטן בליק
דעם פייערדיקן פאַרגאַנג אַריבער די פּאַליסאַדן־בערג:
אַ וואָלקנדיקע מיראַזשן־שטאָט
ביים מערב־זוים, אין פלאַם,
וואַשינגטאָן־בריק, אירע שטאָל־שטריק,
ווי סטרונעס אָנגעצויגן,
אין אַ פאַרבן־שפּיל פון רעגנבויגן,
אין האָדסאָן אָפּגעשפּיגלט מיט גאָלדיקן לייש פאַרזיגלט.

כאַפּ אויף מיט נשמה־חוש
דעם בלישטש פון אַ שווימענדיקער שיף
אָן רויך, אויף דעם פאַרזילבערטן טייך;
זע דעם מענטש מיניאַרנע־קליין
אויף דר׳ערד אַרומקריכן, ליליפּוטנדיק עפּעס זוכן.

אַז טונקל ווערט, באַטראַכט די פּאַנאַרן זיך צעפינקלען.
ס׳רעדט די סילועטן־שטאָט דורך ליכט.
אין דער פינצטער פון די שטאָקיקע פענצטער
שטראַלט מיט סוד פון אַ ניט פאַרענדיקטער מעשה
פון טויזנט און איין נאַכט.

## מיט מחשבות שטומפּיקע

דער שוטה מיט מחשבות שטומפּיקע
שכלדיק ניט דערוואַגן,
באַטראַכט די וועלט, אַ זוניקע אין גאָלד,
מיט בהמהשע אויגן פון אַ יונגע קאַלב,
אויף טויִקן גראָז,
ברילױאַנט-בלישטשיק צעבלענדט,
דערזעענדיק אַ דורכפליענדיקע שוואַלב
צעהעצקעט זיך אין אָנגעפליטערטן פעלד,
אַ טאָג פאַר דער שחיטה.

דער בעל מרה-שחורה מיט ספק-סברה
וואָס שווימט ווי אין אַ ים אויפן דמיון-שטראָם,
מיטן חולה-בליק איינגעקילט,
זעט זיך,
ווי אויף אַ שטילער כוואַליע,
אין אַ הינערפּלעט
פון אַ נעפּלדיקן חלום איינגעהילט.

אָבער און ווידער פרעגט ער:
צו וואָס, צו וועמען איז מיין קומען,
אַ גילגול-גולם
פון אור זאָמען ערשטן,
אין תוהו-עולם
פון כל דאלים גבר?

בין איך בבחינה כפּרה-האָן, מיט וויים געפעדער,
אַ געפּענטעט מידער, וואָס טראַכט
פון אַ זערנע האָבער,

אַ קערנדל גערשטן, וואַסער אַ שלוק צו שטילן ס׳דורשטן,
בעת ער קוקט אין „בני־אָדם" סידור?
צי ווי פאַרשיכורט פון וואַלד־גערוכן געגליכן,
צום צעהעצקעטן קאַלב אין שימערדיקן פעלד
צום צעפליגלטן זומער־שוואַלב,
אַקעגן רויט צעהימלטן האָריזאָנט־בלענד,
ניט פילנדיק דעם אָנווינטערדיקן טויט?

## „סגי־נהור"

דער „סגי־נהור"
אויגן גלאָציק אַרויסגעקראָכן,
ראיה אויסגעברענט
צי מיט בעלמעס פאַרשטאָכן,
כאַפּט ניט אויף
קאָיאָריקן אויפבריִען,
בין השמשותדיק פאַרגליִען,
שיידט ניט אויס טאָג פון נאַכט,
זון פון לבנה־ליכט.
זעט ניט טבע פילפאַרביק צעבליט,
ווייסט ניט קאָליר פון אַ בלימל,
אויסקוק פון אַ פליג,
שפּין, בין,
ראָב צי טויב,
און אים איז אַפילו פרעמד,
די צעפּעכלטע ווייסקייט פון זיין העמד.
מיינט ער פאַרט, אויבן הויערן די שטערן,
לייכטן היינט ווי נעכטן.
אים לאָקט, ציט, ציקט,
ווי אַ פרומען ייד ריין פון זינד,
וואָס האָט ס'דאַווענען ניט פאַרפעלט,
וואַרט ביים אויסגלי־ענד,
אַריינצופליִען אין יענער וועלט,
וווּ די אָבות רוען.

מ׳וועט אים אָקעגנקומען,
מיט פייערדיקע בלומען אין אייביקן גלי,
פון אַרום כסא הכבוד שכינהדיק צעלהבהט;
ס׳אור שמיא נפלאה
וועט צעליכטלען זיין איינגעחושכטע ראיה.

## לאָמיר וואָגלען

קום וואָגלען אויף די גאַלאַקס־שטעגן,
אין „מילך־פעלד״ מיט פונקען פאַרזייעט
פון שטורעם־נעבולאָס צעזשאַריעט,
אין רוים אַריינגעווייעט.
מירן מעסטן די קאָסמישע ווייט
פון ליכטיאָר מיט עאָנדיקער שיין־שנור,
פאַרגאַפט פאַרצייכענען אין אַסטראַל־שריפט,
אויף אַ תבל־טאָוול,
פון איינגעוויסטע תהומען,
די פלאַמען־פאַליעס ווירבלדיק אויפשווימען.
יעדעס בליץ־שפּרענקל וואָס געפונען.

ווען ווערן מיד,
אויף אַ לבנה־פליטע אויסגעגליט,
זיך זעצן,
און אַרומוואַנדלענדיק אַפּשאַצן
די אַטאָמישע וואָג פון די פייער־זונען
וואָס הימלען אַרום
מיט אַ גיהנום־געברום.

מירן ציילן די שווינדלענדיקע לויף־מיילן
פון די צונטער־פּאַקלען,
זען פון ערפלדיקן כאַאָס גרויער,
צייט זיך אַרויסוויקלען
האָבן מיט אומענד־געדויער דעם כל־עולם באַקליידט.
זאָלן די מזלות און גורלות אונדז פירן,
אין מעטעאָר־רעגן
איבער ברייט און לענג,

צו קומען אויף די אויסגעטרעטענע שפורן
אין די געטלעכע וועגן
פריער אָנגעגרייט פון ערלעך בלאָנדזשענדיקע לייט.

מירן פאַרנאַטירן מיט שטראַל דעם ציפער־צאָל
פון גלי־פינקל אין ניט ווערן
אַ צעליכטיקט פינטל ניט פאַרלירן.
אַז אַן איש תם — פרום,
פון ערגעץ אַ דיסטאַנצדיקן עולם,
דורך די וואָלקנס דורכגעשלאָגן —
יועט זוכן צווישן די שטערן קדמונדיקע,
אַרויסגעבושעוועט פון כאַאָס דעם נקודה־חולם
אויף וואָוו־אות,
פון אַדוישעם,
וואָס איז נעלם געוואָרן —
מירן אים אָנווייזן
ס׳מעגלעך אָרט ווי אַנטרינען,
אין דעם אָן־וועלטן־עק
פון די „אַסטרא־טאָלן"
ווי קאָסמעטישע ברען־גאַזן צערינען,
אים אָנזאָגן
זיך צו איילן
אויפן וועג צוריק —
ניט בלאָנדזשען און גרייזן
אין הגולה
מיט ברען־קולקעס אין דער אפלה,
זיי בערייט:
די מנחה־תפילה האָבן אַרויסבאַגלייט.

## „אונאַ פורטיוואַ לאַגרימאַ"

פון ציקל פּאַשאַנאַדן

דאָרנאַ־לו!
דער אהבה־שיין פון דיין „פאַרבאָרגענער טרער"
וואָס בלינצלט אַרויס אַ תאווה־סיגנאַל,
איז ווי דער טוי־שטראַל אין פאַנטאַ־טאַל,
אויף בלום, רויז און טשיטשקע־גראָז,
מיטן נעקטאַר־ריח, וואָס ציט צו,
אַ מין־פאַרפאָלאָנאָזירטע די בין.

ס'טראָגט מיך אַ כוואַליע
מיט דער קראַפט פון אַן אינד
צום אינדזל מרענט,
דאָרט האָבן מיט דיר אַ ראַנדעוווּ:
ווו דיביימער סודן אין זיך איין
מיטן בלעטל־רויש אַ ווינטל־קוש
און „אַמאַר־עליקסיר"
שפּריצט קוועלנדיק פון אַ בערגל אַרויס,
קען ניט אָנפולן דעם פאַווינטאַן־כוס
פאַר דורשטיקע, וואָס שלייכן זיך דורך.

לאָמיר האָבן געטראָפן זיך,
דאָרנאַ־לו,
ווו די לבנה שיינט אַריין
אין בעכער מיט שיכור־ווײַן,
איר סודותדיקן בלענד,
ווו ס'איז גליק פאַראַן פאַר אונדז
צו זיפן, זויפן.

אַ געהיימע ליכט
מיט אַ כּישוף־ווונק
צאַפּלענדיק פלינק,
פינקלט אַרוים דורך „פאַרבאָרגענער טרער“,
בענקט זיך אַריין אין מיר.

לאָמיר אויסשפּילן,
אויף דער אהבה־סטרונע
צעפלאַטערט
אַ תּפילה היים און שטיל,
פון זיך אַרויסגעציטערט,
אָן קלאַנג אָן וואָרט,
פון שטומער נשמה,
אין דער נאַכט מיטן פולן חודש־ליכט,
מאַניענדיקער סוד, פאַר דער טונקלעניש באַשערט —
גאָט־שאָטן פון דער זון
צו ירח־זריחה איבערגעטראָגן,
וואָס שוועבט, פאַרליבט, איבער דער ערד.

לאָמיר האָבן דאָרט אַ ראַנדעוווּ,
ווו פלאַנץ מיט פלאַנץ איז פאַרפלאָכטן,
רויז מיט רויז ריחן זיך אויס,
מיט לבנה־פלעמל באַלאָכטן.

לאָמיר שווימען אין שטראָם,
פון אהבה־ים
און איבערלאָזן נאָכן אַרויסדעך,
אַ היים פאַשאָנדיקע כוואַליע נאָך זיך,

ווי אַלע פֿאַר אונדז,
וואָס האָבן זיך געיאָגט,
אויף אַ תּאווה־אינד,
צום אינדזל וואָס פֿאַרבלענדט
און ציט צו
זעל צו זעל,
אין דעם אַמאָר־שימער
זיך איינצוקלאַמערן,
און מיט אָטעם היים
דעם יצר אין זיך לעשן
אין אַ שפּעט פֿאַרצענערטער שעה —
דאָרנאַ־לו.

## מחשבה־טשאַד

אימה־טשאַד, מהומה־שרעק,
אין מאַרך איינגעקנאָדערט,
אַנגסטיקע מחשבות־שפּינען,
פולסיק־צערודערט
די בלוטן זיך צערינען.

פלוידער־אוים, וואָס ס׳אַנגעדמיונטע אין מוח
געשטאַלטיקט פאַר די אויגן:
אין אומקום־פּלאַם, האָט „סם״,
אַן איינגעוואָלקנטער אין רויך,
די רשעים געברענט.
מחבלים פון גיהנום־נעפּלען אַנגעשלאָגענע געדיכט,
מיט ווינטיקן געפעכט
אין די שוואַרץ־פליגל,
פינצטערן־אַן נאַכט.

קוק, אין האַס אָן מאָס, שפּיגל־גלאָז,
מיט מעפיסטאָ־וויסטע באַגריפן איינגעשליפן,
די אָפּאַק־זייט מיט אַ דיסטאַנץ — ליאַק־גלאַנץ
פון השמל־מויל סאַזשיק צערויכט אַנגעהויכט:
אַ פאָטאָגראַף־נעגאַטיוו,
אין אים צו זעען
ס׳אומגעהייער וועלט־ווילד,
קאַפּויער־בילד.

מאָל דעם אָפּשטאַרב מיט פאַרב,
פון האַרץ־רינווע
אויף פאַרנאַכט־קאַנווע

מיט גלימצערדיקן פֿאַרגיין־שיין
אָנגעצונדן פֿון זון.

וויזיאָניר און אימאַזשיר אַרוים
דאָס שלעכטס
פֿון פֿאַטאַל־קאַלטן פֿאַרשאָלטן גלאָז.
מיט סענסועל־טינסעל־פּינזל
פֿון גוף און זעל
צעשמיר מיט דיין ברען,
קרעכץ און זיפֿץ,
אויפֿן אָונט־לייוונט
פֿון רויט־פֿאַרזינק —
געשטאַלט נאָך געשטאַלט משוגע־קראַנק,
וואָס טוען אין שרפֿענדיק פֿאַרגליִען
טויזנט טויטן אויף זיך בעטן.

מאָל פֿון די אָדם־האַסער,
משחית־ריזן
זייערע מעסערשפּיזן,
פֿאַרפֿלאָמט אָנגעסמט.

מאָך רוים־פּלאַץ געררוים,
אויפֿן הינטערגרונט פֿון האָריזאָנט,
אין פֿעלד, אַרום יאָדלע־וואַלד,
פֿאַרן בעל־חלום אויפֿן צלם,
פּרימיטיוו אין גוף
ווי אַ סטראַשידלע אַוועקגעשטעלט,

רויבפייגל אָפּצושרעקן,
רויש־פליגלדיק צעשוועבט.

זאָל ער קוקן מיטן געבויגענעם איינגעדערנערטן קאָפּ
אויפן בילד אַראָפּ
פון דער הייך,
זעען צי זיין באַרג־דרשה
האָט אין רשע־מוח ניט אויסגעוועפּט.

זאָל דער לויטן לוח
שוין געקומענער משיח
אין בין השמשותדיקן פאַרבלענד
פרווון פאַרגעבן די זינד
אין זיין פאַרגעטלעכטן געדאַנק.
וועט עס אים אָנקומען גרינג?

# איך זיץ און טראַכט

איך זיץ און טראַכט:
צי איז ניט דער שיין, וואָס ווינקט
פון טויזנט ליכט־יאָר ווייט,
אַ בלענד־צייכן,
אַריינגעשׂרפהט אין דער צייט,
אַ סימן, צערעדט אין דער נאַכט?

ווער איינגעהימלט דאָרט,
צעפּלעמלט מיט נייגיר,
אַזאַ פינקלדיקן געפרעג,
וואָס דרינגט אַראָפּ צו מיר
ווי אַ פייערדיק אויג, וואָס זעט,
און מיט געבעט אויף אַן ענטפער וואַרט:
ווו געפינט זיך דער ערד־פּלאַנעט,
אין אָרביט זיך וויגנדיק נאַכטיק בלינד,
פאַרוואָגלט אין געיעג,
זעגלט אין רוים־ים
ס׳בלוטיקט איר גיהנום־וווּנד,
וואָלקנס רעגנדיק
מיט זאַווערוכעס און שטורעם,
פאַרהאָגלען איר וועג?

די פייער־שאלה ממרום
אימהדיק גרוילע —
וואָס איז זי גורם?
זי צענשמהט מיך,
צוקט, ווייטיקט און נאָגט.

איז דאָס, טראַכט איך,
אַזאַ פּלאַקערניש צעווײַנט,
צו האָבן אַרויסגעלייענט
אַ סילעסטישן צער־סיגנאַל,
געשיקט מיט שטראַל
אין מײַן צעעפנטן האַרץ
דורך אַ בלישטשן־שמאַרץ אַרײַנגעשײַנט —
אַ יללה פון דיסטאַנץ?

## דער שלום-פּרינץ

דער שלום-פּרינץ
אויף אַ צלם-קלאָץ
באַוואַכט:
אַ באַצווינטערט קריגס-פעלד
אין ניטל-נאַכט
מיט אַ צעבלאָזענעם זאַווײ,
ווינט-געשרײ, שטורעם-געוואַלט.

ער שטייט אַ בעל-מרחם,
אײנגעגעצט צעגלאָצט,
פאַרשפּייט צו דער וועלט,
צעווינטערט מיט קעלט.

מעג מען אין דערפער ווײט
אין די ווײנאַכטן,
הערן די מעשה
וועגן אויפגאַנג פון אַ „שטערן אין בית-לחם"
האָבנדיק די סטאַדעלע באַלאַכטן
מיט דעם געבוירענעם קינד
מכפּר צו זײן ערדישע זינד.

מעג מען האָבן אַ פרייד געמיט,
אין דער היים
ווײט אַוועק
אויף אַ „יאָלקע-בוים"
די ליכטלעך צינדן.

נאָר ער, דער בעל־חלום אויפן צלם,
שומר איבער די טויטע,
שטייט מיט די ווונדן אָפּגעהילט,
און זיין גייסט ווייסט און פילט,
אַז דאָס „קאָלענדעווען"
פון שלום
ס'קינדיש זינגען,
ווערט פון רוח־מחבלים אויסגעלאַכט
די סוטה־לייט מיט שליטה אין פוסטע מילן,
מאָלן איבער אין פינצטערניש בלינד,
זיינע אַרויסגעזאָגטע שוטה־רייד:
ווינט־צעבלאָזענע,
פאַרלאָשענע
אין דער שטילער ניטל־נאַכט,
פאַר אים וויסטע גייסטער־נאַכט,
ווען די קלויסטער־גלעקער קלינגען.

## אַרויסצימבלען פּרווו...

אַרויסצימבלען פּרווו פון די סטרונעס,
אָנגעצויגענע אויף גיטאַר, דורך סאָנאַרישן וויבריר,
דעם אָנקוועל פון תחינות אין זעל.

מיט קאָסמישע פּינדזלען
ווי אַקוואַרעלן,
זענען די צעכוואַליעטע וועלן,
אַרום די וואָלקן־אינדזלען געמאָלן,
אין אַ בין־השמשות גאָלדיקן בראַנד־בלענד,
פון אָראַנדזש־און פּורפּור־קאָליר;
אַ פייער־ליד,
נעילה־מחילה־תפילה,
אין שקיעה־אַש אויסגעגליט.

אָט די פאַרב־געפילן
מיט צי־באָמבלען און צימבלען
טו אַרויסשפּילן —
ס'רוישיק געמורמל פון ים,
ס'פאַרנאַכטיק זעצן פון זון
אין אַ פאַרפלאַם
אין אַטלאַנטישן אָקעאַן.

פּרווו אַ ליד אַרויסצויבערן
פון די צעדאַוונטע וועלן, פאַראָוונטע
סוף יומא, בעת שקיעת החמה —
נשמהדיקער ווידערקלאַנג
מיט טרויערדיקן טאָן
אין דער פאַרנאַכטעניש אַריינפיבערן.

# לאָמיר לויפן אַוועק

לאָמיר לויפן אַוועק פון טריבן היינט, וואָלקנדיק באַווײנט,
אין נעפל פאַרשווונדענע טעג;
קום זוכן אַ בליִענדיק לאַנד
מיט אַ ליכט־צעהימלטן קאַיאַר.

לאָמיר זיך טראָגן אַוועק איבער וועגן צעשטערט
פון שטורעם און געוויכער,
ווּ אין שבעה־לעכער
אויף דער ערד,
רוען אַלטע חכמים־לייט,
איינגעדרימלטע
אַרום ספרים־רייד פאַרשימלטע,
באַשריבענע מיט האַנט־ציטער
אויף פאַרגעלטע בלעטער
וועגן „באחרית־הימים" —
אַ נבואה אין מויל פון אַ פלאַפלענדיק קינד,
כאַפּנדיק מלאכים מיט די הענט,
זעענדיק אין זונשיין אַ שפּילכל,
הערנדיק אין געוויין אַ וואָלכל.

לאָמיר מער ניט זיצן אין שווונג־נעצן,
גאָרניט פרעגן,
און אַריינשווייגן
אין אַן אומשנאָרכלענדיקן שלאָף פון סוף.

## אויב ס'איז דאָ אַ גן־עדן פאַר יידן...

אויב איך זינדיק ניט מיט מיין נבול־פּה, האַר,
און ס'איז טאַקע ערגעץ דאָ,
ווי פאַר אַלע פרומע לייט,
נאָכן עולם־התחתונדיקן אָפּשיידן,
אויך פאַר מיר, נאָך דער פּטירה אָנגעגרייט,
אַ הימלישער גן־עדן,
אין דער הייליקער מלכות־ספירה —
איז געווען כדאי
מיט קינדישן אויפגעשריי
געבוירן צו ווערן;
איז געווען ווערט
אָפּצופּינצטערן יאָרן אויף דר'ערד;
איז געווען כדאי
נאָך אַ בייז־חלומדיקן שלאָף
ביים אויפוואַך
דעם בורא אָפּגעבן אַ שבח;
דעם שטן אין זיך אויסבייטן
אויף דעם יצר־טוב,
תרי"ג־מצוות אָנקלייבן,
האַרץ און נירן פון חטא אָפּהיטן,
מיט תענות באַשווערן,
בייזע רעיונות פאַרטרייבן;
איז געווען כדאי די ענוים
פון די עובדי אלילים,
עלילת־הדם־בלבולים.

אויב ס'איז טאַקע דאָ, נאָך פּטירה,
אַ גן־עדן

אין די רוימיקע פלוינען פון דער העכסטער ספירה
ווו פון דער שכינה די שטערן זיך צעשיינען —
איז געווען ווירדיק דאָ ערדיק זיין
מיט עגמתדיקן פיין,
דעם אייבערשטן ליבן, זיך דערהויבן אין אש־להבה
במחשבה צום מלכות־רבה;
איז געווען כדאי דער אויסגעשריי ביים געבוירן ווערן.

## רוח של המשיח

אמאָליקע טעג פלעגט אַרומשוועבן
אין קליינשטעטלדיקן לעבן,
אַ שבת-פּאַרנאַכט, דער רוח של משיח,
ווי אַ תוחלת-שטראַל בין קודש לחול,
די בלוטן אָנצינדן, נשמה יתירה פאַרבלענדן,
אויגן באַפייכטן בשעת זמירות אָפּריכטן.

דער גייסט פון דערלייזער,
האָט אַריינגעדרונגען אין די תפילה-הייזער,
אַרויסגעצאַנקט פון נר-תמיד ביים עמוד,
אויפגעגאַנגען אין עמעצנס תקוה-זיפץ,
הינטערן אויוון פאַרווינקלט.
לבבות ניט באַעבירהטע,
מחשבות פאַרמרה-שחורהטע באַלאָכטן.

נאָכן זוניקן איינלעש, ביים שלוש-סעודה-טיש,
אַרויסגעדבקהט אַ ידיד-נפש,
אַ בני-היכלא-תפילה,
פון יחיד און ציבור.
געווען אַ געשעפּטש אויף מאַמע-לעפּץ,
אַ שטיל געליפלטער „גאָט פון אברהם"
אין די פינצטער-שטיבער,
קוקנדיק מיט פחד אויף פאַרטונקלטע שויבן,
באַדויערנדיק די רשעים,
אין גיהנום צוריק געטריבן.

צעפינקלט דעם בליק פון בעל-קבלה,
צעגליט ס'אויג פון איש-תמים ייד,

אַ ברכה מאַכנדיק איבער די בשמים,
ביים מאורי האש און המבדיל-געזאַנג,
נאָך הבדלה.

אַ מאָל האָט געשוועבט אַרום צווישן עולם פרום,
מיט אליהודיקן טרייסט, דער משיח-גייסט.
געהיילט מיט אַ האָפן די גלות-וווּנדן,
געפּענטעטע נשמות צעבונדן,
געטאָן פון שלאָפן וועקן,
אויפלייכטן אַ שיין אין די בליקן,
אַ גלויבן איינטרוימען,
צו וואַרטן אויף זיין קומען.

## אויף זמר־תפילות

אויף זמר־תפילות
אין געדאַנק
פליגל איך דורכשאָטנדיק
אין אַ צעפינקלטער נאַכט
די טיפע הויכן,
לבנה־טייכן,
חלום־אַזערעס,
פון שימער וועלט —
אויפגעציטערט פון מינדסטן קלאַנג.

ס׳ציט מיך ציט,
ווי דעם צדיק־תמים,
צום אור־החיים
אין משמורה־שעה,
בקדושה צעקוועלט.

כ׳ווער אויפגערירט פון אַ נשמה־גרייץ,
אַ גלוסטונג־רייץ
צום כל־עולם־ליכט
אין די רמות, ווייט־מקומות,
פון בלאַנקענדיקע בעלי־זוהר
אין אַ הייליקן מעמד תמיד אַרומגעזוכט.

ס׳טראָגט מיך אויף,
פּאַטאַל און פרום,
זיך אַריינצוחייותן
מיקראָקאָסמיש קליין,
מיט אַלע תאוות פון גוף

אין אַל-צעשפּילטן טרוים,
אויפגעלאָכטן איבער דער ערד,
וואָס נאָגט פון ערגעץ דאָס ליכט
ווי פינקל-טראָפּנס פאַלן
איבער די משמזר-גבולן
מיט אַ הוזשענדיק לעשן
אין טיף געטונקל
פון דער נאַכט.

## ציקלאָן

דער אָקעאַן אַקוואַטיק צעשטורעמט,
די וועלן אויפגעשוואָלן מיט כוח פון מרידה,
כוואַליענדיק אומגעפורעמט,
תהומיק צאָרניק אויפגערייצט,
שוימיק דעם ברעג פאַרפּליצט.

כ׳שטיי פּאָר טאָג אין בריטאַן־ביטש
אין מיין שפּלדיקער ירידה
און קוק:
ווייט אַוועק פון מערב־פּאַס,
ציִען אַן וואָלקן, שוואַרץ אָנגעלאָדן
מיט רעגן־פּלוס, שווער ווי בליי —
פון מזרח, אוים זון־פאַרבלענד
גראָע וואַסער־גענדז פליִען אַן מיט אַ ווייִ־געקווימש,
ים איז פייער־בלוטיק אין קדמה צעבורעט,
אין ימה מיט אַ פינצטערניש אויפגעטורעמט.

אַ מפּילדיק נעפּלדיקע חשכה
טייפוניש פאַרוואָיעט און אָנגעברויעט,
טייוולאָניש צעפּעכערט אויפגעוויכערט,
טוט פאַרדרענגען די זריחה.

הימל ווערט צעבליצט,
אַ טאָרנאַדישער צוג־אָנלויף
ווירבלט זאַמד אַרויף.
אַ פייגעלע מיט אַ פּישטש
פליגלט שנעל צו איר נעסט
צו זיין פון מהומהניש און אומקומעניש באַשיצט.

פון ערגעץ ווו ווינטן זיבן,
מיט דינאַמישן פּלעשטש און גושטש,
האָבן כאַאָטיש, ווטיש אַרויסגעטריבן פון טבע־פאַלדן טיף פאַרבאָרגן,
אַ צעפּישטשעטן ציקלאָן אָרגאַנישן ווילדן,
טראָגט ער זיך, יאָגט אָן
מיט אַ מבול־גאָם
רעשיק פאַרכמאַרעט,
אויפגערויעט וויסט —
איינצוחושכן די מאָרגן־זון.

## אויפֿן הריגה־פֿעלד

ניט מיט צימבל און טרומייט,
און ניט אין אַקעגן־טאַנץ,
ווי צו אַ כּלה אין איר חופּה־קלייט
מיט פֿליטער־גלאַנץ פֿון וואַלהאַלאַ —
גיי אַרויס פֿון דיין אָבל־געצעלט אין דרויסן,
שטייג אויף אַ באַרג אַקעגן דער זון
איבערן הריגה־פֿעלד,
אויפֿן „האָרבקע־שפּיץ" פֿון יאַמלעניץ,
מיט מאַסן־קבֿרים, קראַט־היגלדיק אויפֿגעשטויסן
פּורפּורדיק צעשיינט.

מיט נשמה־זעץ אין האַרץ געטיפּט,
שיפּע אַרויס דאָרט אַ קללהק וואָרט
אַרויסגעציטערט דורך דער ליפּ
אויף קריגס־מחבלים, מנובלים
אין די טאָלן אַראָפּ,
און שיס אַרויף פֿון אַ ראַקעט הויך,
אין אַ רויך־וואָלקנדיקן אַוואַלאַנטש
מיט ווינטיקן אונס־וווט,
אַ פֿייער־שריפֿט פֿון בלוט
אויס די אומרו־גריבער
פֿרום־צלמדיק אָפּגעהיט,
צו מאַרס און ווענוס אויבערמענטש
אויב דאָ, אַנישט אַנדערש ווו, מ'זאָל האָבן געלייענט
דאָרט די גרוילע מגילה —
מיטן פּולסיק נפֿש שטורעמדיק קלאַפּן אויפֿכאַפּן,
דעם פּלאַם פֿון טויט,

אַרויסגעמאָרגנט,
נעפּלדיק רויט.

זאָלן באַהאַרצטע אנשי תמימים,
דורך לעפּצן היים אָטעמדיק אָפּזיפּצן,
אין דער גראָ־פריִענדיקער שעה,
הערנדיק דעם ווייטיקדיקן שריל פון דיין קדיש־גדול־קול אַרויפגעוויינט,
צום כסא־הכבוד,
פאַרלאָזטער, פוסטער, אין טרויער איינגעריסטער,
ניט מער באַשכינהט און געקרוינט
מיט זוהר־שטראַלן פון אַל־שדי, אלוהי מרומים —
וואָס איז ערגעץ פון בהלה מיט אבלה
אין אש־להבה צעשטורעמטע בליצן
איינגעערפלט צום אומקום־תהום אַרויס,
קום געשפּלט פאַראָפּלט אַ שבעה —
דאָרט פאַר אים אויסזיצן.

## זאַמל איין

1

זאַמל איין קולות צעגוואַלדיקט מיט מהומה
אין די וואָלקנס פאַרשלונגען,
געזאַנגען פון מאַראַנען,
געוויין־תּפילות אין די טומאַנען,
געשריי פון פאַרביטערטן בלוט,
ניגון וואָס נעפּלט נע ונד,
יהא שמיה רבא פון נשמה,
אַרויסגעאָבלט
אין דער פרעמד.

טאָרבע זיי איין, מיטן אַש פון אַ שוואַרבע,
בלאָז־אָן אַ ניגון־באַלאָן,
פלי דורך דער כּמאַרע פון חשד
און האָב טענה צו גאָט, וואָס טוט
אין די מיינוס־טיפן
פון די אין־סופן
אַן אייביק דויערן מיטן אָטעם־הויך אַריינהויערן.

2

פון פּתחון אַרון,
אימה
נעם מיט אין וועג מיט דיר
אַ מזמור שיר
אין זכרון,
אַ מזוזה־קוש,
אַ רזא דשבת, אַ בני היכלא
פון אַ שיימע,

דעם טל ומטר־ציטער,
אַ פֿאַרגעלטן זמר,
און אַ קמיע פֿאַר אַ שומר,
דעם בורא מאורי האש
נאָך הבדלה,
דעם קידוש־השם־אומקום
פֿון אַ בר־נש.
פֿלי איבער שטעגן קרומע
העכער דער פֿינצטערער שממה
און זוך
שדי אין זיין פֿאַרשווים,
און דו, אין שיין פֿון געזוכטן איינגעלאָכטן,
באַקלאָג זיך פֿאַר אים,
זיי אַ מליץ־יושר פֿאַר אונדז.

## געשלאָגענער

פאַרבלענדלט זיין ראיה,
זעל איינגעריסן,
שטייט ער אויף אַ באַרג,
ניט דעם סוף צו פאַרקינדן,
נאָר ווי ר׳וואָלט פעל און פלייש
מיט אַ קניפּיק שאַרפן
פון זיך געשינדן
און פאַר אַ „קאַרנעוואָר“ געוואָרפן.

אַזוי פאַרסמט, ר׳קומט,
ניט מיט הייליקע מאמרות, צי דאַוונדיק געבעט,
נאָר מיט אַ קברות אין זיך צעאַקערט,
טראָגט ס׳גיהנום אין זיך צעפלאַקערט.
שליידערט „אַ לעהאָווניע-וואָרט“
אויפן אָרט ווו ער טרעט.

ניט פון תנ״ך אוים ווייטן עבר,
מיטן מדבר-ברען אין דבור,
איז ער געשיקט — פאַר דעם געשלאָגענעם מידן,
מיט נפשדיקן ציטער אַ גליטער-שפּראַך צו שמידן.
אין אים דער שד איז צעברוגזט אויפן „אחד“,
כאַטש אַ מאַמע אין צער פאַרשלונגען
האָט איבער זיין וויג אַ פרום געטלעך ליד געזונגען
און אים פאַרלוליעט אין אַ שלאָף.

ווי ווילדער אָקס צווישן ציָה-דערנער
אַ האָריקער פאַרוואַקסן,
אויפצוהערנערן די וועלט,

זענען בייזע רוחות אין אים צעברילט.
ניט פון קינדווייז אָן איז געווען זיין אויסזען
אַזוי רוי פאַרשוואָלן מיט סַמיקן כעס אָנגעדראָלן,
זיין כליפ איז ניט פאַרטשעמעט צווישן די ציין,
אַ צאָרן שלאָגט ווי פלאַם פון אים.
די לבנה האָט אין וואַנדל־וועג
פאַר מורא אין אַ כמאַרע זיך פאַרבאָרגן.

## שרייב אַריין

שרייב אַריין אין סדרה־העולם
מיט פייער־פּען
צווישן די ציטערדיקע פינגער
אַ שלום־שיר
צום זון־אויפגאַנג
און צו פאַרלבנהטער נאַכט —
אַ זיך נאָך־געדענק פאַר דורות־זינגער,
וואָס וועלן לאַנג נאָך דיר
מקדש זיין דעם שיין,
באַגלייט אויף האַרפע און צימבל־כלים.

שׂרפה אַריין מיט פלעמל־טינט פון גאָלד
אין חלום פון דער וועלט
אַ פריד־בלישטש־ליד,
פון לעבן צעוואַכטן,
אַ היים געדיכט
אין פינצטער־חדר איבער אַ מזכיר־סידור
פון צעפלאַטערטער נשמה
אַקעגן יאָרצייט־ליכט
פאַר פאַרלוירענע אין מלחמה.
לאָז זיין אין וועלט אַריינגעמאָלט
דיין פאַרביק בענק־געזאַנג,
צעשיינט פון זון אין פרי־אויפגיין,
אין ביינאַכטיקער פול־תמונה־לבנה,
פאַר דורות דיכטער,
איבערצוזינגען
אין תפילות פון צעדאַוונטער זעל
און פון אויגן פאַרפינקלטע מיט טרערן.

# כ׳האָב אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר

כ׳האָב אָנגעקלאַפּט אין אַ נידריק־הייזל־טיר
אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער אַרום וואַלד.
געווען אַ ווינטערדיקע נאַכט,
און אין מיר — פֿראָסטיק געפֿריר
פֿון אַ לאַנג וואָגלדיקן גאַנג.

האָט באַלד, מיט געקנייטשטע לייד,
איינגעבייטשטע אין פֿאַרגעלט געזיכט —
אַ באַבעצע ווי פֿון יענער וועלט —
ציטערנדיק איינגעבויגן,
מיט אויגן, וואָס גלעטן, מיך אַריינגעבעטן
אין איר גן־עדן ליכטיקן,
אַ קישן און קאָלדרע אין באַנק־בעט געשפּרייט
אויף איבערצונעכטיקן.

פֿון רויכערנדיקן קאַניץ, קוים צאַנקענדיק געברענט,
האָבן שאָטנס ניט אויסגעלאָשן
געהאָפּקעט אויף די ווענט —
אַ קרענקלעכן פּחד,
אין די פֿאַרחושכטע ווינקלען
מיט ווילגאָטש פֿאַרשימלט —
אימהדיק אַריינגעשווימלט.
אַ הונגעריקע מויז פֿון אַ לאָך אַרויס האָט צעטשוכעט
אַרומגעהוזשעט און ווי געגריזשעט צעגערנדיקע רגעס
מינוט־צוימן פֿון אומרו־צייטן
און געגעגט מיינע נערוון און בלוטן אין גראָ־שפּעטער־שעה.
דער גרילציקער גריל־רוף פֿון אַ האָלציקער שפּאַלט,
ס׳כריפּענדיק כראָפּען פֿון אַלטיטשקער אין שלאָף

האָבן געלעכערט דעם מוח,
ווי גראָבלדיקע נעגל פון האַלב־דרימלדיקן טראַכטן,
די חלומדיקע געוועבן צעפּלאָכטן.

אין וואַלדיקן דרויסן
שנייִיק בלאַסן
האָט געיאָמערט דער ווינט.
כ'האָב געפרעגט זיך אין געדאַנק־שמועס:
די אַלטיטשקע מיט צער־קנייטשן אין פּנים,
ווער איז, ווי הייסט?
אַ פאַרוואָרפענע אַהער ווייט
ווי אַזוי ווערט דאָ געשפּייזט?

## אַ שיין־סיגנאַל

ווי אַזוי שיקט מען פון זיך אַ שיין־סיגנאַל
אַ מיליאָן ליכטיאָר — מייל אַוועק
דורכצושׂרפענען די ווייט,
און דערגרייכן אין געטראָג
צו אַ פאַרוואָגלטן פּלאַנעט?

ס׳זאָל דער אויפשטראַל פון חיות־טיפעניש
ציטערנדיק אַריינדרינגען אין אנוש־דמיון
פון אַן עתיק יומין,
איבערענטפערן מיין מיסטיש געפיל
דעם נשמה־וויי־שפּיל,
איינגעפייניקט אין מיר טיף,
אויף דער צעקוילערטער ערד.

ווי אַזוי צילט מען אַרויף
פון האַרצן־שטוים
נפשדיקן צער —
אין אייגענעם זשאַר
אימפּולסיק גענערט,
ווערנדיק השתפכותדיק צערינען?

כ׳וואָלט וועלן אַ זריחהדיקע מחשבה,
פון זינען אַרויסבאַגערט,
זאָל דורכוויברירן רוים,
נאָך צייט לאַנג פאַרלאָשענער,
אין עברדיקן תהום אַריינשימערירן,
העט ווייט אין אַ פאַרוואָגלטן כוכב־לכת,
מיט ברואים פּראָים אילערליי,

אָטעמדיק אַרוים זייער חי־שעה־פֿאַרגיי,
ווי די אַל־באַשעפֿענישן דאָ.

ווי אַ פֿליטער־שמעטערל אָן מאַטער —
ערגעץ דאָרט אין אַ חדרל פֿאַרשפּאַרט,
פֿלאַטערן אַרום אַ נר־תּמיד־שיין,
איבערזשומענדיק פֿאַר איש־תּמים מיין נפֿש־געוויין,
אויספֿינקלען פֿון זיך אַ בליאַסק,
ווי אין נאַכטלעכן געפֿלוג אַ פֿייער־פֿליג —
אַ פֿונק־געדאַנק זעליש דורכגעשפּירט.
ר'זאָל גרייכן אַ מאָל
ווי אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער שטראָל,
ערגעץ אין דער אומגעהויערער ווייט
אין אַ טונקלע נאַכט, שפּעט,
אויף אַ פּלאַנעט, צו אַ שטערן־היטער,
מיט די חושים צעוואַכט
אויג דורך שפּאַקטיוו אין הימלישן געביט איינגעגליט,
אויסרעכנדיק מיט ציפֿערן און אומצאָל־נולן
דעם דיסטאַנץ־חללדיקן צעפּראָל צווישןביידן איינגעהעפֿט,
אין מועדים וואָס אונדז שיידן,
דערפֿילנדיק מיין לעכצנדיקן אַרויסדרענג,
ווי אַ ליכטל אין אויפֿפֿלאַם,
פֿאַרן אויסגאַנג,
צעפֿייערט מיט אַ העלשיין,
אין פֿינצטערניש אַליין.

איך גאַר מיט צעפּלעמלטן אַרויפֿקוק
פֿון דאָ אין טונקלעניש

אַרײַנװיזיאָנירן אין הימלישן געדױער
מײַן צער און טרױער,
און יאָרן שפּעטער, װײַט דורכן רױם,
זאָל דער אַרױסציטער פֿון בלענד־טרױם
אַרײַנדרינגען אין װעמענס גוף —
אַ באַנג־בלאַנקער אַרײַנבליק
אין אימיצנס אַ װוּנד,
אין אַ כליפּנדיק געװײן
אין הײטערדיק געזאַנג.

כ׳װאָלט װעלן
אױף תּמיד דאָ אין כּף־הקלע ניט װערן פֿאַרפֿאַלן,
כאָטש עפּעס פֿון לעבן
זאָל ערגעץ װוּ האָבן פֿאַרבליבן.

## ווי אויף שטראַלן־סטרונעס

ווי אויף שטראַלן־סטרונעס אין דער טונקל,
שפּיל איך אויס אין הויך־געשוועב
דורכן חיות־געפּיל,
אַ הלל
אויף נשמה־האַרף, אַ קלאַנג.

אין מיר איז אויפגעציטערט
אין דמיונדיק געוועב,
אַ תּפֿילהדיקער דאַנק
צום נאַכט־געפינקל.

כ׳נער אין זיך אַריין,
יעדן בלישטש פון דער הייך,
איינגעפּלאַנצט, ווי אַ הייליקער טרוים,
פון די בלאַסקענדיקע שטערן —
אין מדבּרדיקן חלל.

ס׳הייבט מיך אויף אין געאייל
אַ שיין־זייל פון ערדישן גבול,
פּליט מיך אַריין אין בלאַנדזשענדיקע ליכט.
אַרומוואַגלענדיקע אָן ציל —
עמוד־אש אין די ווייטע וויסטענישן
פון קאָסמישן רוים.

אַרויף פאַרבענקט,
געפּעכלט פון אַ ווינטל־קיל,
כ׳דערפיל
זיצנדיק אויף גראָזיקער ערד,
ווי אין מיר צערט און צאַנקט דאָס לעבן אויס.

## זאָל זיין ווי מ׳זאָגט

זאָל זיין ווי מ׳זאָגט —
העכער פליִען כ׳בין מער ניט עלול.
שוין אויסגעטאָגט
מיט געדאַנקען שווער אַראָפּגעוואַזשעט.
כ׳דראַפּע זיך אונטער הימל־סטריכע,
פון ספקות צעגריזשעט;
זוך די השגחה אין חלל
מיט סודות פאַרסאַזשעט.
ווער ווייסט אַרט וואָס כ׳בין געוואַרט?
מיך פאַרצאַפּלט ס׳פאַרנאַכט־ליכט פון זון
ווערנדיק איינגעטונקלט
אין בין השמשות־אָקעאַן.

וואָס קומט מיר דערפאַר? —
אַז מיר דאַכט פאַרט
דאָרט אין דעם האָריזאָנטישן פאַרשיין מיין ראיה דערזעט
דעם כביכולדיקן צער
אימהק אויספלאַקערן,
און פון אָנשיכורן מיך מיט אויפברויז —
אַ נישט געשעפּטשעט געבעט
צאַנקט אין מיר אויס.

כ׳זע אין הימל־ראַנד
אַן אימאַזשנדיקן וואָלקן־בער
פורפורדיק מיט אַ להבת־אָנגעצינד
אָקעגן וועלט
אויף די הינטערשטע לאַפּעס אויפגעשטעלט,
פאַרלירנדיק פון אויג אַ טרער.

קומט מיר, נאַר, שפּאָט דערפֿאַר?
אין אומעט איינגעגרויט —
דערפֿיל איך אונטער ברענענדיקער הויט
אַ הייליק טריפֿן און קאַפּען,
ווי פֿון אַ נר־תּמיד־קנויט
אין הויז פֿון גאָט.

ס'ווערט שווער דעם אָטעם אָפּצוכאַפּן.

## קלאָגט־אויס אַן אַשמדאַי־זמירה

קלאָגט־אויס, איר בני־ארורה, אַ טייוול־זמירה,
קנאה־שנאה אויף יאָמער־סטרונע,
פון אייער מנוול־לירע אויסגעשפּילט:
קולות, קללות, פלאַם־בהלות, בלוטיקער געפּעכטש
איינגעשרפהט אין די טעג און נעכט,
אַרויפגעעולהט אין אַ ווירבל־כמאַרע, רויט־אַנגסטיקער טויט.

אין די טייכן פון אומקום —
פינצטער־פּאַליעס, מיט אַ כעסיקן שוים,
שטורעמען אויף יום ויום
אַ הויך־זדון סמבטיון־ניגון,
כאַפּט זיך אַרויס אַ זידל־זאַג,
מיין ווייטיק־פּלוג, ווי פון אבדון־תהום אַרויפגעשריגן.

דער ברויז־שטורעם מיט רוגזהדיקן אַליאַרם
אויס די מות־חושכן אַרויס,
לוויהן זיך נאָך,
אין אַ ווילדן געהול,
פון שׂר־שד צעיאַכמעט, אויסגעחכמהט
צו זיין בלוטיקן בהמה־גאָט,
צעהאַווקענדיק וואַרלאַז־אַנגעלאָפּענע הינט
און אויף פּוסטע פעלדער און וועלדער
אויפזדראַכעט דעם געוואַי פון פאַרשלאָפענעם ווינט.

## זוך און געפֿין זיך

אין הימלישן געגלי פֿון פֿרי־אויפֿטראָג,
צי אין איר רקיעדיקן רעפֿלעקס־אָפּשלאָג
ביים מערב־שקיעהדיקן פֿאַרשיין —
שפּיגל זיך אָן.

זוך זיך
אַרומגעריטן
אין צעוואָרפֿענער ברייט
אויף אַ שימערדיקן נעפּל־שליטן
פֿאַרגליטשנדיק די צייט.

זיי איינגעחושט אין נירוואַנאַ אויף דער לבֿנה,
אַ קאָסמאָס־פּליטע אין איר אָרביטע איינגערוימט,
בליסקענדיק קאַלט, פֿרעמד, פֿון שמש־שאָטן איינגעפּלאַמט.
געפֿין זיך במדרגה אין אַ חלומדיקן אַרומשוועבן,
פֿיל דיך בהשגחה אין אַ ים־געשווים אויף שטרעב־שטראָמען
וואָס הייבן זיך, פֿאַלן, טוען ווידער אויפֿשוימען
און ס׳לעבן באַשטראַלן.

זוך זיך אין בליצל־ווונק
פֿון די בלאַנדזשענדיקע שטערן,
אין די מעטעאָרן,
וואָס פֿאַרפֿרירן ביים זינק
ערגעץ אין חלל.

זיי מתפלל ס׳זאָל נשמה־יסוד
זיך אַנטפּלעקן
פון דיין צעאָטעמטן בלוט
אונטערן האַרץ־לעפּל —
שטויסנדיקער אויפצאַפּל,
אומרו־פּולסיקער ברי,
בעת ר׳טוט ס׳חיות רגעוויז אַרויסוועקן.

## ווי דער שאַלקס־נאַר

ווי דער שאַלקס־נאַר פון קייזער־הויף,
פאַרשטעלט אין אַ בעטלער־קאָסטיום, קרוע־בלוע
קוקט פרום מיט צער אַרויף,
אין דער בין־השמשות־שקיעה
און דערפילט זיך פאַראַכט,
אויסגעשפּילט און צעקרעלט ;
ווי אין אַ געבעט פאַר נאַכט,
אַ זונה, פאַרן בילד פון יויז,
אין אַ תיפלה־הויז —
אַזוי איך,
די שיכרות אין הארץ פאַרדריקט,
קייך אויס אין געלעכטער.

ס'איז נישט שיין כליפּען,
ווי אַ צעפּיעשטשעט קינד,
וואָס גלוסט פאַרן שלאָפן לייגן,
זייגן מאַמעס בריסט
מיט האָניק פאַרזיסט.
מעג איך האָבן געוווּסט,
ווי דער באָפון אין נאַרן־הויב
אַז זון־פלאַקער
אויף פאַלאַצן־שויב
אַ געגאַר פאַר דער וועלט אַריינגעגילדט
איז פאַרן בלודנע אויג
פון אַ צויג
אַ פייער־געפּאַר,
ווערט זי צעבילט,

זעענדיק דעם פּלאַם
אויפן פענצטער־גלאָז.

כ׳שטיי שטאַר, אַלט און גראָ,
פאַרן אָפּגאַנג פון דער זון,
זאַפּ־איין,
ווי דער פּאַלאַץ־לץ,
מיט צער אין בליק
און גרים־קרום־פּנים־צוק
דעם שיין.
כ׳בין נישט פרום, פאַרגלויבט,
נאָר כ׳שווער, כ׳הער פון ערגעץ־ווו,
געוויין פון אַ קינד,
געוואָי פון אַ הונט,
בני־אָדם־קולות אין גיהנום אומגעבראַכט,
ווען איך גלאָץ מיט אומרו
אויף ליכטלעכן צעבליץ
אין דער דעמער־שעה
און כ׳דערפיל פון לאַך־שטאָך —
אַ בלוט־שטורץ אין האַרץ.

## חלום־סקיצן

1

דעם קראַנקן שנאָרער אין קוויטיקן גרעט,
פאַרפיבערט אויף הקדש־בעט,
זיין אויסגעטראַכטע מויד אין טרוים,
אַ פאַרשעמטע, רויט־צעפלאַמטע, דערלאַנגט אים אַ לאָטוס־בלום,
אים דאַכט, זי זאָגט:
„אַ קמצן אין מיל־גראַד־שטאָט
פון אַ ווערדאַנדע אַראָפּ, אַ זוניקע צעהעלט,
גאָלד־רענדלעך אומגעציילט אוים זאַק צעטיילט
צו בעטלער בלינדע, נדבה־געלט".

2

די האַלולאַ־בתולה מיט רייף־גלוסטיקן גוף
הערט אין שלאָף:
הינטער פאַרלבנהטן פענצטער
מיט בלאָנד־לאַנגע האָר אַ טרובאַדור,
באַגלייטנדיק אויף לירע זיין אַמאָר־ליד
פון האַרץ־בלוטן אַרויסגעזידט,
אַ זמירה, שמערצלעך אויסגעזונגען אין אַ פיל־פאָלקלעך לשון
וועגן אַ געוויסן פּרינץ אין אַרמאָר־גלאַנץ
פליִענדיק איבערן ים,
ערגעץ פון שדים געפאַנגען,
אַ פרינצעסין אין זיין פּאַלאַץ ברענגען
מיט קושן איר ליפּן־זאַפט אויסזופּן.

3

פון ספרים הייליקע די „תו״
איז פליגלדיק צעפלויגן
פאַר די אויגן פון דרימלדיקן למד־וואָוו,
זיך האַלטנדיק גרוים מיטן ערשטן אות
פון דער תורה.

אַ חלוש — אַוועקצובלאָזן,
אַ פּחדן פאַר זיין ווייב־קליפּה,
האָט ניט מורא פאַר די שׂטן־ריזן
מיט זייערע מחשבות רעות.
איז ביי זיך אין דער ממשלה, ווי הינטער אַ „קרוין־חופּה״,
מיט די אותיות־מרובעות פון קבלה,
השגחהס סודותדיקע שליסלען
סיטרא־אַחרא־וועלטן אויפצוטרעסלען.

זיין הויכער גלויבן אין איצטיקער שעה,
איז צו כביכולס שכינה־שיין דערהויבן.
גרייכן דעם אור־הנהר
און נאָך טבילה
פאַרבלייכן אַ געלייטערטער אין זיך,
אויסגיין אין אַ תפילה
צו גאָט־ברוך־הוא,
די שמי־שמים מינטערן,
און דערנענטערן
ימי ביאת המשיח.

## טראָג אַרויס וויאָלע בלומען

טראָג אַרויס וויאָלע בלומען
הערש לייב,
צום פאַרגייענדיקן טאָג,
מיט אַ קדישדיקן נאָכזאָג
ווען די לעצטע מינוטן פון דיין נפש אַרויסגעזאָטן,
ווערן אין זון־בלענד אַריינגעברענט.

מסתם וועט דער ווינט
צעבלאָזן דאָס אַש,
אָנכמורען די נאַכט,
הימל פאַרשלאָגן.

אויפגעגאַנגען איז זריחהש באַגלייט,
אַ לויכטנדיקער קאַיאָר —
האָט דער שטורעמדיקער דרויסן
אים מיט וואָלקן אָנגעשטויסן,
בליציק און דונערדיק
אויסגערעגנט זיין צייט.

שעה נאָך שעה,
דורך טראָפּן־אָפּצאָפּן,
אויסגעליידיקט דעם צער
וואָס האָט צעווייקט דיין געמיט,
פאַריתומט דיין בלוט.

טראָג אַרויס
מיט פאַרטרערטע אויגן,
און צעבריטן לייב,

װעלקנדיקע בלומען הײנט —
קדיש-זאָג נאָך פֿאַרגײענדיקן טאָג,
צו זײנע לעצט-פֿאַרפֿלאַמטע מינוטן,
אין דעמערדיקן אײנלעש.

מסתּם װעט דער װינט פֿון ערגעץ אָנגעפֿלױגן,
צעבלאָזן דאָס אַש,
אָנכמורען די נאַכט,
הימל פֿאַרשלאָגן,
אַ הינט-האַװקעניש
איבערקלאָגן און צעטראָגן.

## קומט־אויף...

קומט־אויף, ערשט ניט לאַנג געבוירענע און איר אַלט
פאַרלוירענע אָדם־לייט,
טראַמפּלען איבער דער ערד־גרוים אין פינצטער־צייט
מיטן עמוד־אֵש פאָרויס, —
די גאַז־אויוונדיקע טשאַד־נעפּלען
הינטער זיך אויפן שליאַך,
פאַרכמורענדיק ס׳הימל־ליכט.

טויכט־אויף פון שואה־תהום שטאָק־בלינדן,
גיהנום־וויטיקדיק אָנגעצונדן!
זאָל אייער רויך־קול דמיק פלאַקערן, וועלט פאַרשיכורן
מיט שטורעם־יסורים פון אומקום־קלאָג.

טראָגט זיך
ביז צום קיילעכם סוף
מיט די רויע־וווּנדן אין גוף.
פאַרמדברט שטעט,
טרעט איבערן אָן־שלום־עולם
יאָמערט אַ געוויין
אויפן אַרויסגעזאַטענעם בלוט, וואָס אדמה זאַפּט איין.

גייט־אויף אין אַ טויט־מאַרשרוט,
אנשי קידוש־השם,
מיט אַ פאָרויס־פלאַם
און אַ הויך־פלוך כמורענדיק אונטער זיך,
קרעלט אוים אַ געוואַלט
פון פייער־קולות,

אַקעגן ברעזן פֿון דער זון,
אַ געשריי פֿון שוועבל און פּעך!

רייסט זיך אויף!
צעבראַנדיקט מיט גלוט
פֿון הפקר־טויט
אַן אַפּצאַל־חוב
שטייגט אויף!
מיט טויזנט מיתות
אָנגעגורט, אויפֿגערירט, פֿון די תוהו־תפיסות.

זאָל דער שיין־זייל אייך פֿירן
מיט זיין „קרן־קרוין",
איבער די פּוסטע סטעזשקעס
סטעפּעס, געמאַרקן,
צו די מענטשן־חיות קופּעס
אַרום די קלויסטער־שוועלן, קניִענדיק געפֿאַלן,
אויסגעהוילטע דורכגעפּוילטע,
וואָס צלמען אין זיך דעם רוח,
די דעמאָן־רציחה אין האַרץ־חשכה איינשטילן.

וואַרפֿט אָן אימה און מהומה אין די טמא,
דאָרט פֿאַרזאַמלט,
מיט פֿאַרפֿלוכטע איינגעריכטע הענט
האַבנדיק אויף שייטערס אייך געברענט.
צעטומלט די פֿרומע גלחים, פֿרייפֿלדיק שבחים
צום אָנגענאַגלטן יויז אויף וואַנט פֿון תּיפֿלה־הויז

דער זון־גאָט איז מכפּר חטא פון ערב־רב און גיהנום־שטראָף,
האַלט הימלם מויערן ברייט אָפן פאַר רוצחים אַנגעלאָפן.

שיינט־אויף, אין אַ מאַרשרוט, איר פייערדיק פאַרפיינט,
מיטן עמוד־אש פון בלוט־אויסגוס פאָרויס,
די אויוון־רויכעס פון הינטן,
אַ לוויהש נאָך־שטורעם פון ווינטן,
איבער דער וועלט,
ווי שופרות צעשאַלט
מיט דעם קרוע־ובלוע־אָטעם פון זיך.

קומט אויף!
אין בראַנד
פון קבורה אויפגעשלאָגן,
זיך דורכצוטראָגן,
אויפן אָפּל־שליאַך
פון אָנהייב־ברעג
ביזן סוף־קיילעך, פאַרגליווערן
ווילד־געשריי פון אַ קינד
אין מאַמעס הענט,
זיך אויפכאַפּנדיק פון שלאָף
מיט שרעק.

געשטאַלטיקט זיך אַרוים מיט אויפריר,
גייט אויף פון נפש־קבר טיף,
אין אַ סופרשע יריעה־כתב.

פֿון געטונקען אין איינגעהיצטע אָדערן צעפּלאַמטע —
כ׳שרייב די קללה־מגילה.

זאָל זיין איינגעלוחט
פֿאַרשאָלטענע אפלה־נבלה.
מיט פֿאַרשפּיצטע זכרון־נאָדלען
אין וועלטס ווילד־האַרץ איינגעקריצט,
חושך־פֿונקען,
שוואַרץ אַרויסגעבליצט —
אַ למען תזכור
פֿאַרן עתידיקן אייביק דורכלויפֿנדיקן דור.

## פאַרכישופט

איינגעכּישופט אין פאַרנאַכט־ליכט —
ביים הימל־עק און וואַסער־ברעג
פון פייערדיקן אינדזל,
וואָס אַט אין שלאָפנדיקן ים־תהום
דעמערדיק פאַרזינקט;
צעהתפעלהט פון אַ זינגער
אַ טענאָר —
איינגעתפילהט אין אַ זמירותדיקן שיר,
באַגלייט מיט „היפּנאָז־פינגער"
אויפן קלאַוויר,
צום מערב געווענדט —
מיט אַ קינסטלער־פּענדזל
אין פאַר־אָוונט שקיעה איינגעטונקט,
בין איך ראוי צו מאָלן,
אויף בין־השמשות־לייוונט,
דאָס צוויבערדיקע אָפּשטאַרבן
אין האָריזאָנט, ווייט,
פון צעפלעמלטן באַלאָן,
און אויך מיין שטיל אומגערעדט געבעט,
פון נשמה־חמה אַרויסגעשפּיגלט,
מיט אמונה צעבלענדט,
אין זוניקן צעצינד איינאייביקן
לעולם ועד.

## קאַרפּאַטן־ייִד

ווער איז דער לעצטער ייִד
זיך וואַקלענדיק מיד
אין קאַרפּאַטן־טאָל
אַ געל־פאַרשוויצטער,
אין אַ ווילדן צו זיך שמועס,
אַ ספר־תורה אין די הענט,
אַ צלם אויפן שטערן אויסגעברענט,
טאַפּטשענדיק מיט די פּיס.
אָנטראָגנדיק שרעק
אין בעסקידן־העק?

מיט אַ האַס אין אויג,
אַ בליציק שאַרפן,
און ווי פון אַ זונען־שטאָך —
אַ פיבערדיקער מאַרך,
אַרויסזאַפּענדיק אַ ברענענדיקן דעך,
ר'טרעט און קנעט דאָס ליים,
אַ שקיעהדיקן פאַרנאַכט,
פון קברות־היים
שטיינערדיק אָנגעוואָרפן.

ס'בילט אויף אין אים
פון צייט צו צייט,
אַ כאָרכלדיק קול,
ווי פון אַן איינגעדיבוקטן הונט
עכאָענדיק צוריק
פון אָנגעוואַלדיקטע בערג
מיט אויפציטערדיקן גרויל.

זיין מוח אין צעגליטן שאַרבן טראַכט:
ס'האָט עמעץ פייערדיק רויט דעם פינצטער־זוויער
געטאָן איבערפאַרבן.

ווער איז דער ייִד, מיט אַ נשמה־רים
און מיט אַ קרייץ אויפן שטערן
אויפגערעגט בייז?

האַלט אַ תורה,
מאַכט הקפות מיט ווילד־העויות
צווישן די וואָראָנע עופות,
אויפן בית־עולם־פעלד,
ווינטשט זיך דעם טויט.

ס'טראָגט זיך אַרום
אַ סלוך וועגן אים,
מ'דערציילט צווישן בערג־לייט:
„דער ייִד־רוח איז געווען אַ מאָל רייך,
מיט ווייב, קינדער,
שאָף און רינדער אַ סך".

הערן זיי,
וואַרפן אים צו מיט אַ קרעכץ
אַ שטיק האָבערן ברויט,
אַ ביסל געקעכץ,
אַ רוי מייערל, אַ רעטעכל, אַ שיסל קרויט,
ווילן אַ זינד אויסקויפן,
אַנטלויפן פון זיין פלוך —
און צלמען זיך.

## די הדלקה

**י. ל. ליפשיצן**
**צו זיין מוטערס אומקום**
**אין פייער אויף קידוש השם**

טינק איין די פען
אין טריפנדיקן רויטס
פון וווּנדיקן האַרץ,
אַ צער־צעבריטע,
און פאַרשרייב, הערש לייב,
דעם חלחלה־ברען,
וואָס שפּאַרט פון נשמה,
רוי־בראַנדיק אַ צעגליטע.

יעלה אַ גאַליקע זעקה,
אַרויף אין אַ שאלה,
ווי דער געפרעג פון רויך און פלאַם
צו די שערי־אלוהים,
אַ מוצאי־שבת־הבדלה,
אַ צעפלאַקערטע, אין דער נאַכטיקער אפלה,
פון אַ רוח אָנגעהויכט,
מיט זיין אשמדאי־לאַך, אויף דער פולער וואָך.

גיי־אויף אין בלוט־געשריי
פון אָנגעסקריבלטן טראָף,
ווי פון די איבער שלושים,
אין דער מערת־המכפלה,
באַהאַלטענע קדושים,
וואָס האָבן מיט אַ הילכן־שריל
פון שמע ישראל
די בגדים פון זיך געריסן,

דעם אַנטפּלעקטן בונקער נאַפּטיק באַגאָסן,
און אונטערגעצונדן —
אויפגעגאַנגען אין אַ שלהבת,
ניט צו לאָזן זיך שענדן
פון די שכנים יונים, פּראים, רשעים,
כאַמולעם פאַרשיכורטע.

שווידער אַרוים אַ ביטער־געוויין,
אַנגעמאַדזשעטע שריפט,
מיט פעדער איינגעטונקענע אין גיפט,
פון ווונד, וואָס ווייטיקט אַרוים
פון איינגעזילבעטן אות ,
דעם איבער־חלום,
פון דער להבותדיקער שרעק,
אין אַן אָפּשיין אויפן קלויסטער־צלם
זונטיק פאַר טאָג,
פאַר זונס־אויפגיין אַ בלוטיקע
פון אַ כמאַרע אַ קויטיקע —
איידער אין כריסטאָס־הויז,
די גלעקער זיך צעקלינגען,
איידער די רוצחים תפילות זינגען
צום „בן אלוהים״.

גיס זיך אוים, ביטער־גאַל,
מיט פען פון שטאָל,
אין אַ שאלה צו גאָט,
אין אַ קללה צום שד,
פאַרשווונדן אין די בהלה־בראַנדן,

וואָס האָט געזעצט זיך אין אַ רויך,
אין דער הייך,
און געוואָרן איינגעפרוירן
אין אַ וואָלקנדיקן פלוך
מיט די טשאַד־געריכן,
אין אַן אייביקן פרעג־צייכן.

שרייב אַריין אין בוך,
מיט פען געטונקען אין ברען פון די בלוטן
און פאַרחתמעט
מיט טריפוואַקס פון האַרץ,
און מיט יעדן אבר־גליווער,
פעכיק שוואַרץ פאַראומעט
אַרויסגעאָימהט,
ווי דער רויך און פלאַם
פון דער הדלקה,
צו די שערי־אלוהים
אַ מוצאי־שבת
שלהבת־הבדלה אין דער נאַכטיקער אפלה,
פון אַ רוח־לאַך, פינצטער אַרויסגעהויכט
אויף דער פולער וואָך.

# כעלמער יידן אויף דער לבנה

ס'איז די אגדה, ווי אַ חידה
פון וואָרט־שלייפער, פאַר אַנשי־חיה איבער דער ערד,
אין אַ פנקס־ספר,
אַ מעשה־שהיה, ניט גוזמאַדיק פאַרקלערט,
מיט אותיות מרובעות פאַרשריבן:

אין שטאָט כעלם האָט אַ חברה־תהילים
אין אַ חצי־חודש־נאַכט אָן ירח־ליכט,
זיך טובל געווען,
אין קלויז־שטיבל פאַר חצות זיך צונויפגעקליבן,
געבעטן און ניט אָפּגעטרעטן פון דעם מקובל,
וואָס איז מיט הייליקער כוונה,
עוסק געווען במחשבה אין מעשה מרכבה,
ר'זאָל מיט זיי, אויף אַ פּלי־עגלה
עולה זיין למעלה,
צו קודשן און מחדשן די לבנה.

איז דער פּרוש אין לופט־וואָגן
מיט דער כנופיא בשם המפורש
געפלויגן, ווו די אויגן האָבן אים געטראָגן.

פון וויפל טומאַנען דעמאָן־געשטאַלטן,
ר'האָט אין די הויכע וייטן אַוועקגעאיילט,
געשפּאָלטן און דורכגעריטן —
ווערט ניט דערציילט.
ס'האָט געשטורעמט.
דער שטן, האָט פון כמאַרעס שניי־קריַעס געפורעמט,
פּראַסטיק דורכגעברענט,

מיט ווינט שאַרפֿן וואָיענדיק און ווירבלענדיק געטויבט,
אייז געמאָלענעם צעשטויבט,
אין געשוואָלענעם פּנים אים געוואָרפֿן,
צו מאַכן די ראיה בלינד.

ר׳האָט אָבער כּסדר זויבער ריין
פֿון כאָאָס-געקלויץ אויפֿגעטויכט,
און מיט נפֿש-ציטער דערגרייכט דעם לייטער-שפּיץ
פֿון די „עולים ויורדים״,
זיך משער געווען, אַז דאָס איז דער מקום.
דערזען אַן אדמת-עפֿר,
איז מען מיט שופֿר-בלאָז פֿון פּלי-מיראַזש אראָפּגעקראָכן,
ס׳וואַנדלדיקע חושך-ליכט אַרומזוכן.

געקענט אַ שטערן מיט הענט דערגרייכן.
אַרויסגעשנויצטע צעבליצטע פֿונקען זענען געפֿאַלן
אויפֿן פֿלאַקס-געוויקס,

אָנגעגראָזט אור-וויסט,
איבער טאָלן,
אין אויסגעטריקנטע קאַנאָלן,
און זיי צעפֿינקלט אין דער נאַכט,
נאָר די לבֿנה מטרונה,
מיטן בת-מלכה-געזיכט,
די האַרנטע
אַ צעצערנטע מסתּם,
ווייל מ׳האָט זי פֿרום, אין צייט, מיט ברכות ניט באַנייט,
איז ניט געווען צו זעען.

עסעקדיקס פייכט האָט די הויט צעביסן,
ס׳פּנים צעצוגט, אָטעם געשטיקט.
איז געוואָרן באַשלאָסן:
דורך די אויסגעוואָלקנטע ברקים פון די מרחקים,
זיך באַמיִען צוריקצופליִען צום ערד־כדור, איידער ס׳ווערט שפּעט,
ס׳אַגרויסע סכנה:
דאָ רוישט, מאַרשט און הערשט דער טויט.

ווי אַזוי בליציק באַלאַכטן קולותדיק צעדונערט,
מ׳איז אַראָפּ דורך די שחקים, אויפן עולם התחתון, פאַרשטיינערט,
וויפל צייט ס׳רודערן און אַראָפּנידערן האָט געדויערט —
שטייט אין דברי־הימים־בוך ניט פאַרצייכנט.
נאָר ס׳ווערט פאָרט, מיט אַ פאַרטערטע ראיה, פון כתב אַרויסגעלייענט,
דער „כך היה״ אין די שורות איינגעטרויערט.
געפונען האָט זיי אַ שפּעטערער דור אויפן פּוסטן טאָרואָרג־באַרג
נאָענט פון אַ חיה־רעה־נאָרע
אין אַ פּאָוויאַטינע איינגעשפּונען
באַשיינט ביי נאַכט מיטן פולן לונאַ־ליכט,
האָריק־בערדיק באַוואַקסן, אַלט און גראָ,
און ביים בית־המדרש־פּרוש
בעל־שיבה
אַ מומחה במחשבה אין דרך הטבע,
מיט אויגן פאַרבעלעמטע בלינד פעטראָפּירט,
האָט מען אַרויסגענומען אַ צעטל פון האַנט,
מיט אותיות האַלב אָפּגעריבן שטראַליק צעשימערירט:
„במקום לבנה,
אין חושך איינגעשלאָפן —
אַ מדבר אָנגעטראָפן.

אַ קללה שימלט
נעפּלדיק פֿאַרהויכט,
אין שכינות מיט די פֿייערלעך
אין הימל אַריינגעפּלעמלט.
נאָר „מאור־קטן"
איז ווי פֿון שׂטן,
אין זיין כמורנע פֿאַרנע
גיהנום־עשן געווען איינגעלאָשן"...

אַזוי פֿאַרטיפֿט רעדט די שריפֿט.
שטאָט טראַכט מיט מורא
און פֿרעגט אַ שאלה:
עפּעס איז אויבן ניט גלאַט,
מיטן נאַכט־ליכט,
לויט דעם „בראשית ברא" אין דער תורה:
יידן פֿון דעם מקום, צדיקים, האָבן זיך מקדים געווען
אין דער הייך איבער די שחקים,
אָפּצוגעבן דעם אייבערשטן,
בתפילה אַ שבח,
פֿאַר דעם „מאור הממשלת בלילה"
אין רקיעהדיקן געבלאָ,
איז זי אַ שיינענדיקע ניטאָ?

## ווערטער־פּאַרטייטש

בליטשקע — ביינוול
ניסקערן — ברענען, פלאַקערן
ראָפּע — זאַלצוואַסער פון אַ קוואַל
לופּ — פאַרגרעסער־גלאָז
דאָמעין — רוים־באַהערשונג
האַדעס — שאול, גיהנום
וועלט־כאַזם — תוהו־צעגענעצטקייט
מיקראָקאָסם — קליין וועלטל
עפימירל — לפי שעה קורצע עקזיסטענץ
אריאָן, אישטאַר — מזלות, שטערן
דערווישן, קאַפירן — אינדישע פּריסטער מהאדי־פאַנאַטיקער
מידאַס פאַרמעג — רייכקייט
סענט מאַרטאָן — אַ שטעטל אין אונגאַרן
מאָקעבונדיש — וואַגאַבונדיש
מאָרטאַל־טשאַד — טויט־טשאַד
קאַרניוואָר — פליישפרעסנדיקע
טעאָזאָף — מיסטיקער
טאָרטור — מוטשען
נאָווא — נייער שטערן
מיאַזמאַ — פאַרמאָראָזשעט
האַספּאַדי באָג — האַר גאָט
האַלוין — אַ שמירעכץ פאַר קינדער
סנאָמפּליע — אייזליכטל
פּיטניע — טרינקשעפּל פאַר פערד
עדעש — ליבע
סקריבלען — שרייבן
זוויער — שפּאַלט צווישן בערג
אונא פורטיוואַ לאַגרימאַ — איין פאַרבאָרגענע טרער
טינסעל — פינקעלדיק
סילף — פאַנטאַסטישע מיידל
פּעגאַסוס — פליגל־פערד
העליקאָן — אַ גריכיש־מיטאָלאָגישער באַרג
היפּאָקרין — מיטאָלאָגישער קוואַל, אינספּירירער פון פּאָעטישן געדאַנק
מעטראָנאָם — צייט־מעסטער
פּאָסאָם אין טעררים — שלום אויף דר׳ערד

# אָפּרופן וועגן די לידער פון ה. ל. יונג

יצחק וואַרשאַווסקי אין „פאָרווערטס" אין אַ לענגערער רעצענזיע צווישן אַנדערן:

הערש לייב יונג, אויף וויפיל איך ווייס, אַ ניי פּנים אין דער יידישער פּאָעזיע, ער איז אויב איר ווילט, אַן אָנפאַנגער, אָבער מיט טענער אין סטיל פון אַ מענטש, וואָס אַרבעט אויף זיך לאַנג. זיין ליד איז אַ מערקווירדיקער געמיש פון פּרימיטיוון און ראַפינירטן. זיין טעמע איז די אייביקע פראַגן, ער איז פאַקטיש אַ פּאָעט־פילאָזאָף. יונג דערוועקט נייגיר מיט זיין טעמאַטיק...

פראָפ' דב סדן אין „אמר", סיון תשכ"ג: שירים מרקיעים.

הערש לייב יונג, „העכער די וואָלקנס" (אל על עננים). הוצאת י. ל. פרץ, תל־אביב — קובץ מקיף של 218 שירי יידיש הכתובים לרוב ב„חריזה לבנה" והמצטיינים בשפה עשירה ובסגנון מיוחד ומקורי. שם הקובץ קשור בשיר הראשון בו „עופה דמיון". המשורר הוא אוניברסליסט ומוטיבים הודיים ונושאים כגון „מונה ליזה", „פאוסט", או „הרקדנית אולנובה", תופסים בספר יותר מקום מאשר השואה או מדינת ישראל. והרי שלושה בתים מתוך שירים שנושאם יהודי או ישראלי יש בהם כדי להעיד על עושר הדמויים והסמלים של שירת יונג ועל דרך כתיבתו המקורית והחזקה.

פראָפ' ס. ליפּצין אין „צירקל" דזש. וועלפער באָרד־אויסגאַבע. פון ענגליש:

„וווּנדערלעכע גרויסע אַרבעט", „ניט פעלבאַרע וויטאַליטעט". יונג איז אַ מאָלער און אַ פּאָעט, ער נוצט אַ שפּראַך צו פאָרשטעלן אַבסטראַקציעס, ער איז אָבער תמיד באַוווסטזיניק אַז ווערטערלעכע געצייג זענען ווינציקער מסוגל אַרויסצורופן קאָליר און פאָרעם, ווי קרעאַן און פּענדזל... ער האָט אָריגינעלע בליציקע וויזיעס, יונגס ניו־יאָרק געזען פון ברוקלין־בריק איז אַ מאַגישער פאַנ־טאַסמאַגאָרישער סילועט מיט פונקען פון גאָלד וואָס שטראַלן אַרויס פון הימל־קראַצערישע פּאַלאַצן, גלימצערן אָפּ אין איסט־ריווער און רעפלעקטירן צוריק אָפּ אין פּאָעטס רעטינאַ... יונג זינגט אויך פון ניו־יאָרק בייטאָג. דאָס מאָנסטערישע באַטריב, די געהאַמעוועטע וויטאַליטעט, איר פאַרקער־שיינקייט און דזשונגלע־רישער גערודער... ער פּאָעטיזירט וועגן קליינעם שטעטל, וועגן דער פאַרוויס־טעניש פון אומקום...

ער זוכט אויך די אורגעשטאַלט אין די הימלישע ספערן, אין אַטאָמישן שטויב און אין די געוואַלדיקע פייער־פלאַמען פון די ווייטע גאַלאַקסיס מיליאָנען ליכט־יאָר אַוועק. דער איינפלוס פון ראַבינדראַנאַט טאַגאָר זעט זיך אָן אין דער הימלישער לאַנדשאַפט פון זונען, שטערן און קאָמעטן.

פון שמשון מעלצער, תל־אביב, אין א בריוו, אויסצוג:

אייער בוך האָב איך בזמנו געליינט, בין באַאיינדרוקט געוואָרן. רייגע

לירישע פּאָעזיע אויפן ערשטן קוק „פּריי" אין פאָרעם, אָבער באמת פּאָרעמפּול און מיט גרויסער שפּראַכלעכער קונסט. איבערזעצן, בפּרט אין עברית, וועלן די אַלע פיינקייטן זיך פאַרלירן...

ד"ר ה. ל. גאָרדאָן אין „טאָג—מאָרגן־זשורנאַל":

„העכער די וואָלקנס" פון הערש לייב יונג איז אַ רייכע זאַמלונג פון מאָדערנע לידער (434 זייטן, 1962) רייך מיט שטימונג און בילד, פון אַרום און פון דער אייגענער נשמה. ער אומאַרמט די גאַנצע וועלט.

הומאָר, סאַרקאַזם און ווייגעשריי מישן זיך צוזאַמען און דער לייענער איז אונטער אַן עמאָטיוון אויפברויז.

פון אַ בריוו פון ד"ר מ. אַסטור, פּראָפעסאָר פון בראַנדייס־אוניווערסיטעט:

אייער בוך זייער שיין און עסטעטיש אַרויסגעגעבן. איך האָב נאָך ניט איבער־געלייענט אַלע לידער וואָס דער באַנד איז כולל, אָבער אַ השגה האָב איך וועגן זיי. איך בין מסכים מיט די ווערטער פון אייער קורצער וואָרענונג: אין די דאָזיקע שורות דאַרף מער זיך אַריינטראַכטן און אַריינלעבן. עס געפעלט מיר זייער אייער רייכער און ריינער יידישער לשון. כאָטש פרייער פערז איז נישט קיין נייעס אין דער יידישער פּאָעזיע, בייגט איר אים אויף אייער אייגענעם אופן.

פון אַ בריוו פון ה. אַקערמאַן:

איך האָב זיך באמת פון אַ סך לידער אייערע ממש ניט געקענט אָפּרייסן, לייענענדיק זיי. איר פאַרמאָגט אַ גרויסע עשירות פון שפּראַך און געדאַנק, וואָס גייען זעלטן צוזאַמען מיט אונדזערע פּאָעטן. אַ סך לידער אייערע זענען אַ גרויסער בייטראָג צו דער יידישער פּאָעזיע און איך וואָלט אַפילו געזאָגט — צו וועלט־פּאָעזיע. פּערל און בריליאַנטן אַ סך, אַ סך פּרעכטיקע לידער זענען צעוואָרפן איבערן בוך. איר זענט אויך אַ גוטער מאָלער, דאַרפט איר דאַנקען גאָט, פאַר דער גרויסער מתנה מיט וועלכע ער האָט אייך מזכה געווען.

איך פאַרזיכער אייך אַז איך וועל זיך צו זיי אַ סך, אַ סך מאָל אומקערן און וועל לייענען אייערע צעשויבערטע בראשיתדיקע לידער.

הרב אברהם ביק אין אַ בריוו:

אייער בוך לידער, פּרעכטיק אַרויסגעגעבן אין זיין חציונתדיקן נעשטאַלט. וואָס שייך אינהאַלט — נאָך ניט באַוויזן אין גאַנצן איבערצולייענען און אַריינ־לייענען זיך, און קאָן דעריבער ניט זאָגן קיין ענדגילטיקע אָביעקטיווע מיינונג. מיר דוכט, אַז עס איז אַ מין נייער עקספּרעסיאָניסטישער פּרווו צונויפצווועבן שטימונג מיט געדאַנק. אַ נייעס איז אויך אייער באַהעפט פון יידיש און העברע־יזמען, ווי די טערמינען, מיט וועלכע איר אָפּערירט... אַזאַ ליד ווי אייערס דאַרף מען ערשט צעקייען, נאָך דעם פאַרדייען.

לוי גאָלדבערג אין אַ בריוו:

פון וואָסער פּלאַנעט זענט איר צו אונדז אַראָפּגעקומען ווי אַ שטערן מיט אַן אייגנאַרטיקן שיין? איך זאָג שטערן, אויף דעם זאָגן עדות אייערע ליכט־געצונדענע לידער. דער אַלהערשער האָט אייער כוס פּאָעזיע אָנגעגאָסן מיט אַ ווערך וואָס

שוימט אַריבער. איך מיין, אַז אייער טאַלאַנט וואָס שייך לשון, בילד און פאַנטאַזיע, וואָלט געקענט סטייען פאַר עטלעכע פון אייער גלייכן.

פון פּראָפ׳, ד״ר א. א. ראָבאַק, קעמברידזש־אוניווערסיטעט:

צום ערשטן מאָל באַקום איך אַ בוך אַ מתנה פון איינעם וואָס איז מיר, איך מוז מודה זיין, גיט געווען באַקאַנט. נאָך מער איז דער חידוש, ווייל ס׳איז אַ היפּשער בוך און כ׳האָב גלייך געזען, אַז ס׳איז ניט פון קיין אָנהייבער, נאָר פון אַ געניטן ליטעראַט. קאָסמישע מעטאַפיזישע רעיונות.

די טעכניק איז ווי פון אַ פאַכמאַן אַ „ווירטואָז״. איך רעכן, אַז די קריטיק וועט זיין גינציק.

פון אַ בריוו פון דעם פאַרשטאָרבענעם פּאַרוואַלטער פון י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, שמעון ראָזענבערג:

„איך מוז זיך פאַר אייך מודה זיין, אַז בעת איבערן בוך האָט געאַרבעט דער רעדאַקטאָר און שפּעטער דער קאָרעקטאָר, האָב איך זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ געוויסן פאָראורטייל בנוגע דעם קינסטלערישן ווערט פון בוך. איצט, ביים לייענען, בין איך אָנגענעם איבערראַשט. כ׳האָב זיך איבערצייגט, אַז הייזלער קלמן (דער פּאָעט), איז געווען גערעכט:

פאַראַן אין בוך אַן אוצר פון גוטע לידער, פּרעכטיקע לידער, איך קוויק זיך ממש ביים לייענען. אַ יישר כּוח.

אין אַ לענגערער רעצענזיע אין געדענק־בוך „גאַליציע״ 1964 שרייבט נחמיה צוקער פון אַרגענטינע וועגן אַ ליד, „ביי נאַכט אויף ברוקלין־בריק״, ציטירנדיק אַ פּאָר שורות פון ליד:

אויף דעם קפיצת־הדרכדיקן איבערגאַנג, באַווייזט הערש לייב יונג מיט דריי שורות צו שילדערן דעם סאָציאַלן קאָנטראַסט פון די באַלויכטענע וואָלקנקראַצערס און די נידעריקע פינצטערע געסלעך.

און די שילדערונג גייט אַזוי ווייטער ווי אַ צויבער־מעשהלע פון קאָנטראַסטן. וואָלקנקראַצער און אָרעמע הייזקע, ליכט און שאָטן און אַן אוצר פון געקליבענע ווערטער, וועלכע דער קינסטלער פּאָראייניקט אויף זיין אייגענעם אופן, וואָס מאַכט צו מאָל שווער דאָס פאַרשטיין אַ געדאַנק אויף שנעל, די שילדערונג האָט אָבער דעם כוח צו פאַרהאַלטן דעם לייענער אָדער דעם בילד־באַטראַכטער, אַז ער זאָל זיך אָפּשטעלן און אַריינטיפן אין דעם געלייענטן אָדער געזעענעם און ס׳עפענען זיך פאַר אים נייע פּערספּעקטיוון.

נישטאָ קיין ספּעציאַליטעט אין הערש לייב יונגס טעמאַטיק.

ער איז אַ שטימונג־דיכטער און זייענדיק אויך געניינגט צו פילאָזאָפיע, וואָס דאָס לאָזט זיך לייכט באַמערקן אין אַ היפּשן טייל פון זיינע לידער, דיכטעט ער ניט בלויז וואָס דאָס אויג זעט, נאָר אויך וואָס זיין מוח טראַכט, און עס איז צו פאַרשטיין, אַז דער געבוירענער געדאַנק ווערט אין ה. ל. יונגס מוח באַלד פאַרוואַנדלט אין בילד און ער באַווייזט עס צו שילדערן מאַלעריש.

צי ער דיכטעט פון אינדיע נאָך טאַגאָרן, צי ער מאָלט אָפּ אַ ווערטער־פּאָרטרעט פון מאָנאַ ליזאַ אָדער ער באַשרייבט די בופאָנען אין ביינאַכטיקן בראָדוויי, פילט זיך פון אַלץ אַרויס דעם דיכטערס פּעסימיזם, וועלכן ער באַמיט זיך אַ סך מאָל צו באַקעמפן, נאָר עס גיט זיך אים ניט איין.

אַן אַנדערש מאָל אין „שפּיגל" שרייבט נחמיה צוקער:
**אַז מען לייענט הערש לייב יונגס לידער צום צווייטן מאָל פילט מען ווי ס'וואָלט זיך אָפּגערוקט אַ ברייטער פאָרהאַנג און מען הייבט אָן אַריינדרינגען אין אַ גרויסער וועלט פון נייע חזיונות.**

מעינקע קאַץ אין אַ בריוו:
**איך לייען און לייען אייערע לידער ווי תפילות. פאַראַן אַזוי פיל ליבשאַפט פאַר אונדזער זיין אויף דער וועלט.**
**אויפבליץ פון טרוימען, „די פּלאַים פון קיום".**
**פאַראַן אַזוי פיל רירנדיקער עלנט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדן דיכטער.**
**אייער ליד „אַליין" זייט (258) האָב איך ניט איין מאָל איבערגעלייענט.**
**ס'איז אַ בוך וואָס דאַרף פאַרנעמען אַ חשוב אָרט אין דער יידישער פּאָעזיע.**

צבי שטאָק אין אַ רעצענזיע אין זשורנאַל „זיין":
**אין הערש-לייב יונגס בוך „העכער די וואָלקנס" זעגען אויך פאַראַן ערדישע און אַפילו אונטערערדישע לידער, וואָס לאָזן שוין גאַרניט פליען אַרויף, פאַר־קערט, זיי האַלטן אייך פעסט צוגעשמידט צום ערדקיילעך און צום צוגעשמידטן פראָמעטעאוס-מענטש, צו אַלע צרות אין תהום פון מענטשלעכער געפאַלנקייט, אַן אַ זין און אַן אַ שום סיבה פאַר זיינע פיינען און צרות וואָס ער גייט דורך אויף דער זינדיקער ערד, ווי מיר לייענען, למשל, אויף ז' 131 אין זיין ליד „קאַיאַר" — וואָס איז, אגב, איינס פון זיינע וווּנדערלעכע פּלאַסטישע לידער מיט אַן אמת מאָלערישן פּייזאַזש ביים ברעג ים.**
**זיינע לידער מיטן מזרחדיקן פילאָזאָפישן אויפנעם און באַנעם זיינען געגוג צו דערשפּירן, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט איינעם וואָס זיין התלהבותדיקער און טיף-וואָרצלנדיקער ניצוץ שטעקט אין עכט-יידישן תופס-זיין דאָס תהומישע־פּעסימיסטישע זינלאָזע זיין אין דעם וועלט-באַשאַף, וואָס האָט ניבע יאָ אַ ציל און ניט קיין ציל. אויב יאָ, דאַרפן מיר ערשט וואַרטן אויף משיחן, ער זאָל דעם ציל און צוועק פון אונדזער לעבן און זיין אויף דער וועלט פאַר אונדז דעשיפ־רירן. וואָס שטעקט טאָקע אונטער דעם אַלעמען? נאָר דערוויל איז — תיקו!**
**זיין שירה איז אַ השתפכות־הנפשדיקע, פילאָזאָפיש-דידאַקטישע, און אַ טייל — מיסטיש-לאַבירינטישע, וואָס מ'דאַרף זיך אַריינטראַכטן אין זייער מעדיטירטער שטימונג פונעם פּאָעטיש אַרויסגעזאָגטן, איידער מען דערגרונטעוועט זיך צו זייער טעם און תוכיקייט.**
יונג זוכט די אור-מחשבה אין דעם אויסשפּרייט צווישן די וועלט-וויסטעגישן אין איינגעטונקלטער טבע: **ווי ער זינגט אין זיין „איך האָב געקענט זיין" (זייט 167).**
**אין זיין בוך לידער ווילט זיך פון צייט צו צייט נאָך אַ מאָל מעיין זיין, אָפּטובלען אין די ריינע קוואַלן פון עכט-פּאָעטישער און עכט-לירישער, און דאָ און דאָרט פון עכט-טיף יידישער דיכטונג.**

**פון** א. גאָלאָמב:
**איך דאַנק אייך זייער פאַר אייער מתנה — אייער בוך לידער, וואָס זענען טאָקע** העכער די וואָלקנס, **ווי איך האָב געקענט משפּטן לויט דעם ביסל, וואָס איך האָב געלייענט.**

**אַרויסגעבן היינטיקע צייטן אַ יידיש בוך, איז טאַקע אַ גבורה און אַ גרויסער קרבן, דאַרף מען אַ ברכה מאַכן אויף יעדן בוך, און מען דאַרף יעדן מחבר בענטשן מיט דער ברכה המשולשת. איך בין טאַקע אַ כהן, הגם שוין לאַנג ניט געדוכנט, דאָך נעמט אָן מיין ברכה.**

**אייער נאָמען איז מיר געווען ביז איצט אין גאַנצן אומבאַקאַנט. איך בין זיך מודה. וועל איך אייך זיין דאַנקבאַר פאַר עטוואָס אינפאָרמאַציע וועגן זיך.**

**פּראָפ׳** אוריאל וויינרייך, **קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט:**

**איך האָב באַקומען אייער בוך „העכער די וואָלקנס״. מיין דאַנק איז אַ פאַר־שפּעטיקטער, אָבער דערמיט ניט קיין ווייניקער האַרציקער.**

**איך האָב דערווייל באַוויזן ניט מער ווי צו בלעטערן, און טועם צו זיין אַ ליד דאָ און דאָרט. לייענען אַזאַ בוך מיט קאָפּ פאָדערט מער צייט און מנוחה, ווי עס האָט אַ פאַרנומענער לערער אין גאַנג פון שוליאָר. מוז איך עס אַ ביסל אָפּלייגן. אָבער איך זע, אַז איך וועל הנאה האָבן.**

לייבוש לעהרער:

**זייט מיר מוחל מיין פאַרשפּעטיקטן ענטפער... דעם אמת געזאָגט, איז מיר אייער נאָמען אומבאַקאַנט. פון אייער אויטאָפּאָרטרעט לאָזט זיך אפשר דרינגען, אַז איר זענט מער פאַרבונדן מיט דער וועלט פון מאָלעריי ווי מיט ליטעראַטור. איינס זעט זיך גאַנץ קלאָר מיטן ערשטן בוך: עס זעט אויס, אַז איר זייט זייער אַ נאָענטער מחותן מיטן לשון, מיט יידיש, איר שרייבט ווי אַן אייגענער ביי זיך אין דער היים. איך בין עטלעכע וואָכן ניט געווען אין ניו־יאָרק, ממילא וועט אייך חידושן וואָס איך האָב אייער בוך ערשט איצט דערזען. איך האָב אָבער שוין געהאַט אַ מעגלעכקייט צו באַמערקן אייער אינטימע נאָענטקייט צו דער שפּראַך. זייער דאַנקבאַר.**

**פּראָפ׳** נתן זיסקינד, **סיטי־קאָלעדזש, אין ענגליש (אָפּיציעל):**

**אין נאָמען פון קאָלעדזש־ביבליאָטעק און פון אונדזער אָפּטיילונג לאָזט מיך אייך דאַנקען אמתדיק פאַר דער מתנה, אייער בוך לידער „העכער די וואָלקנס״. ס׳וועט אייך אינטערעסירן צו וויסן דאָס מיר האָבן געלייענט אייער פּאָעזיע אין קלאַס און קאָמענטירט, צו דער צופרידנקייט פון אונדזערע סטודענטן.**

**אין יידיש:**

**ליבער** הערש לייב יונג **שליט״א**

**טייערער ר׳** הערש לייב **אחדשה״ט**

**אַ האַרציקן דאַנק אייך פאַר צושיקן מיר אַ מתנה „העכער די וואָלקנס״ איך שאַץ די מתנה זייער הויך, ווי איך שאַץ די הייך פון אייער טיפזיניקער פּאָעזיע.**

**כ׳ווינטש אייך געזונט און גליק. שמחת־יצירה האָט איר דאָך, ווינטש איך אייך דערצו שמחת־יצירה מתוך האהבה.**

**און די פאַרדינטע אָנערקענונג**

**דושו״ט**

נתן זיסקינד.

מלך ראוויטש:

אַ דאַנק אייך פאַר אייער בוך „העכער די וואָלקנס". צו אַזאַ בוך דאַרף מען זיך אונטערגאַרטלען מיט צייט און סבלנות — מחמת די שירים זענען ניט קלאָר אויפן ערשטן בליק.

נאָר וואָס איז דען קלאָר אין דער דאַזיקער וועלט פון אומקלאָרקייטן?

ד"ר ל. זשיטניצקי אין „די פּרעסע" בוענאָס־איירעס:

שרייבנדיק וועגן געדענק־בוך „גאַליציע" און דערמאָנענדיק מיינע צוויי לידער דערשינען אויך אין איצטיקן בוך „דורך ליכט און פינצטערניש":

הערש לייב יונג ברענגט אַ סעריע „טרויער־לידער" און פון זיינס אַ ליד „אונדזער שכן דער אוקראַינער" האָט מען אַ באַגריף, ווי די אוקראַינער האָבן געהאַנדלט קעגן די יידן בעת דער נאַצי־אינוואַזיע. אַ צווייט ליד „אויפן הריגה־פעלד" דערמאָנט אין סטיל ח. נ. ביאַליק — „אין שחיטה־שטאָט".

אין אַ בריוו פון דער דיכטערין רחל קאָרן, צווישן אַנדערס:

„די לידער זענען געשריבן מיט אַ שטילער פאַרטראַכטקייט, אין די שורות ציטערט דער אייגענער און דער וועלט־טרויער.

אויב מען זוכט „מיט זאַלציקן געוויין" גאָט, וועט ער געפינען און זיך אַנטפּלעקן אומגעריכטערהייט דורך אַ רמז, דורך אַ וואָרט, דורך אַ טרוים".

אברהם ליס, פאַרוואַלטער פון י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, שרייבנדיק וועגן מיינע לידער:

איך וועל אייך זאָגן, אַז ס'איז אַן אינטערעסאַנט בוך, אייערע לידער זענען אָריגינעל אין טאָן און אין אויסדרוק.

* * *

## די לידער פון מיין ערשטן בוך

## „העכער די וואָלקנס"

## און „שטורעם איבער די בעסקידן",

ווי אויך די איצטיקע פון דעם בוך

## „דורך ליכט און פינצטערניש"

זענען געשריבן אין די יאָרן 1952—1963

און אויסגעבעסערט געוואָרן פאַרן דרוק.

## דער מחבר גרייט צום דרוק אַ בוך לידער

א. נ.

## „איבער צעפלאַמטע האָריזאָנטן"